זש. ב. מאָליער.

# דער קאַרגער.

קאָמעדיע אין 5 אַקטען.

יודיש: אַ. איינהאָרן.




וואַרשע 1921

נאכדרוק פארבאטען.



אויפפירען די דאזיגע איבערזעצונג אהן א פריער־
דיגער פארשטענדיגונג מיט'ן איבערזעצער איז פאר־
באטען.

אדרעס:

A. Einhorn. Warszawa Leszno 24/45

DRUK.J.WAGNEISTER.NALEWKI №7

# פּערזאָנען:

הארפּאַגאָן

קלעאַנט — } זיינע קינדער
עליזאַ

לאַ־מערלוש
בראַנדעוואואַן } זיינע דינער
זשאַק
פֿרוי קלאָד

לאַ־פֿלעש — קלעאַנטס דינער

אַנסעלם

וואַלער

מאַריאַנע

סימאָן — אַ מעקלער

פֿראָזינע — אַ מעקלערין

קאָמיסאַר

# ערשטער אַקט.

---

## ערשטע סצענע.

### וואַלטער און עליזא.

וואַלטער

וואָס איז דאָס מיט אייך, שענע עליזאַ? נאָך די גוטע פאַרזיכערונגען, וועלכע איר זענט געווען אַזוי פריינד-ליך מיר צו געבען וועגען אייער טרייהייט, זיצט איר עפּעס פאַר׳.רה-שדורה׳ט און זיפצט גאָר! און גראָד דאַמאָלס ווען איך בין איבערפולט מיט פרייד! אפשר האָט איר גאָר חרטה, וואָס איר האָט מיר פאַרשאַפט דאָס גליק? צי באַדויערט איר נישט די פאַרשפּרעכונגען, צו וועלכע מיין ליבע האָט אייך געצוואונגען?

עליזאַ.

ניין, וואַלטער, איך קאָן נישט האָבען חרטה אויף דעם, וואָס איך טו פאַר אייך. עפּעס אַ מילדע מאַכט טרייבט מיך, איך זאָל עס טון. איך האָב אַפילו קיין קראַפט נישט צו פאַרלאַנגען, אַז עס זאָל אַנדערש געשעהען. אָבער איך מוז אייך זאָגען דעם אמת: איך שרעק מיך פאַר׳ן סוף; איך האָב מורא, אַז איך ליב אייך אַביסעל שטאַרקער, ווי איך וואָלט אייך געדאַרפט ליבען.

וואלער

פאַרוואָס אַזוינס קאָנט איר מורא האָבען, עליזאַ, בײ די גוטע געפילען, וועלכע איר האָט צו מיר?

עליזאַ

אָ, צום באַדויערן! פאַר הונדערט זאַכען מיטאַמאָל: פאַר מײן טאַטענס כעס, פאַר די פאָרוואורפען פון מײן פאַמיליע, פאַר די בייזע צינגער. אָבער מער פאַר אַלץ, וואַלער, האָב איך מורא פאַר אַן ענדערונג אין אײער האַרצען; פאַר יענע פאַרברעכערישע קאַלטקייט האָב איך מורא, מיט וועלכער איר, מענער, באַצאָלט אָפטמאָל פאַר די אויסדרוקען פון דער וואַרעמסטער, אומשולדיגסטער ליבע.

וואַלער

אָ, באַגעהט נישט געגען מיר קײן עולה און משפט מיך נישט לויט דעם, וואָס אַנדערע טוען. זייט מיך חושד אין אַלץ, עליזאַ, אָבער גישט, אַז איך וועל נישט האַלטען מײן וואָרט צו אײך. צו־שטאַרק ליב איך אײך, אום אַזוינס צו טון, און מײן ליבע צו אײך וועט דויערן אַזוי לאַנג, ווי מײן לעבען.

עליזאַ

אָ, וואַלער! יעדערער זאָגט דאָסזעלבע. מיט זײערע ווערטער זיינען אַלע מאַנסבילען ענליך אײנער צום צווייטען ערשט מיט זײערע מעשים זעהט מען, צי זײ זײ אונטערשײדען זיך.

וואַלער

וויבאַלד מען קאָן אונז דערקענען נאָר לויט אונזערע מעשים, טאָ וואַרט וועניגסטענס ביז איר וועט קאָנען מיך אורטײלען לויט מײנע טאַטען. זוכט פאַר מיר נישט קײן פאַרברעכענס אין דער אומבאַרעכטיגטער מורא פון

אייער אָנגעשראָקענער פאַנטאַזיע. דער׳הרג׳עט מיך נישט, איך בעט אייך, מיט די פילבאַרע קלעפ פון אייער פאַר-דאַכט, וועלכער איז אַזוי באַליידיגענד פאַר מיר. גיט מיר צייט, איך זאָל קאָנען אייך איבערצייגען מיט טויזענסער באַווייזען, אַז מיין ליבע איז אַן ערליכע.

עליזאַ

אָ, ווי לייכט מען לאָזט זיך, ליידער, איבערצייגען פון די מענער, וועלכע מען ליבט! יאָ, וואַלער, איך האַלט, אַז אייער האַרץ איז אומפעיִג צו באַגעהן מיסברויכען. איך גלויבאַז איר ליבט מיך מיט דער אמת׳ער ליבע און אַז איר וועט מיר זיין געטריי. איך וויל אין דעם נישט צווייפלען, און מיין פאַרדרוס באַגרעניץ איך בלויז מיט דער שרעק פאַר די פאָרוואורפען, וועלכע מען וועט מיר קאָנען מאַכען.

וואַלער

אָבער פאַרוואָס האָט איר מורא?

עליזאַ

איך וואָלט פאַר קיין זאַך נישט געהאַט מורא צו האָבען, ווען אַלע וואָלטען אויף אייך געקוקט מיט דיזעלבע אויגען, ווי איך. איך געפין אין אייער פערזאָן אַ באַרעכטיגונג פאַר אַלץ, וואָס איך טו פאַר אייך. מיין האַרץ קאָן, אַלס פאַרענטפערונג פאַר זיך, זיך פאַררופען אויף אייערע פאַרדינסטען און דערצו נאָך אויף די דאַנקבאַרקייט, צו וועלכער גאָט פאַרפליכטעט מיך בנוגע צו אייך. יעדע ווייל שטעלט זיך מיר פאָר פאַר די אויגען יענע שרעקליכע געפאַר, וועלכע האָט אונז ביידען גאַנץ געמאַכט, די ערשטוינענדע גרויסמוטיגקייט, וועלכע האָט אייך געטריבען צו ריזיקירען מיט אייער לעבען, כדי מיין לעבען צו ראַטעווען פון די גרויזאַמע כוואַליעס. איך קאָן נישט פאַרגעסען אייער צערטליכקייט

צו מיר נאָכדעם ווי איר האָט מיך פון וואַסער אַרויס-געצויגען. איך זעה אויך די גאַנצע עקשנות פון אייער הייסער ליבע, וועלכע ס׳האָבען נישט געקאָנט צעפּשוטאַ-לען נישט די צייט, נישט אַלערליי שוועריגקייטען. די דאָזיגע ליבע האָט אייך געמאַכט פאַרגעסען אַלץ — אייערע עלטערן, אייער היים, און האָט אייך צוגעשמידט אָט דאָ, צו דעם דאָזיגען אָרט, וואו איר לעבט פאַר-שטעלטערהייט. זי, די ליבע, האָט אייך געצוואונגען, צו פאַרבאָרגען אייער שטאַנד, אייער רייכטום און ווערען אַ משרת ביי מיין פאָטער, כדי צו זיין נאָענט נעבען מיר. אַזעלכע זאַכען האָבען געמוזט מאַכען אויף מיר דעם בעסטען איינדרוק, און דאָס אַליין איז שוין פאַר מיר גענוג אויף צו באַרעכטיגען די פאַרשפּרעכונגען, וועלכע איך האָב אייך געגעבען. אָבער כדי, אַז אַנדערע זאָלען מיר געבען גערעכט איז דאָס נאָך אפשר נישט גענוג, און איך האָב שטאַרק מורא, אַז די זייטיגע מענשען וועלען נישט פאַרשטעהן מיינע געפילען.

**וואַלער**

פון אַלץ וואָס איר האָט געזאָגט, איז בלויז מיין ליבע די איינציגע זאַך, מיט וועלכער איך וואָלט ביי אייך געוואָלט אויסנעמען. וואָס אָנבאַלאַנגט אייער מורא, גלויב איך, אַז אייער פאָטער אַליין זאָרגט שוין מער וויפיל ס׳איז נויטיג, אום די וועלט זאָל אייך געבען גערעכט. זיין איבערגעטריבענע קמצנות און זיין שלעכטקייט צו די קינדער וואָלטען שוין, כ׳לעבען, געקאָנט זיין אַ תירוץ פאַר פיל משונה-דיגערע זאַכען. אַנטשולדיגט מיר, שענע עליזאַ, וואָס איך זאָג עס אייך. איר ווייסט דאָך, אַז אין דער הינזיכט קאָן מען וועגען אים קיין גוטס נישט זאָגען. איך גלויב אָבער, אַז ווען עס וועט מיר געלינגען, ווי איך האָף צו געפינען מיינע עלטערן, וועט עס אונז נישט שווער זיין זיי איבערצוציען אויף אונזער זייט. איך וואַרט

מיט אומגעדולד אויף אַ אידעה ווענגן זיי, און אויב איך וועל אין דער נאָנטסטער צייט גאָר נישט דערגעהן, וועל איך אַליין מיך לאָזען זיי זוכען.

עליזא

אָ, וואַלער! רירט זיך נישט פון דאַנען, איך בעט אייך; איר באַמיט זיך נאָר געפּעלען צו ווערען מיין פאָ-טער.

זאַלער

איר זעהט דאָך אַליין, ווי איך באַמי מיך. איר האָט דאָך געזעהן, וויפיל בריה'שקייט און קונץ-שטיק איך האָב אָנגעווענדט, איידער ס'איז מיר געלונגען זיך אַריינצו-קריגען צו אים אַלס משרת, וואָס פאַר אַן אָנשטעל איך האָב געמאַכט, אַז איך סימפּאַטיזיר כלומר'שט מיט אים און מיט זיינע געפילען, וואָס פאַר אַ שעהנע ראָליע איך שפּיל דאָ, אום אויסצונעמען ביי אים. איך מוז אייך זאָ-גען, אַז איך האָב שוין דאָ אַ שטאַרקע פּעולה געהאַט. איך ווייס שוין איצט, אַז כדי נושא-חן צו זיין ביי מענ-שען, איז נישטאָ קיין בעסער מיטעל, ווי לאָזען זיי גלויבען, אַז מען האָט דיזעלבע נטיות, ווי זיי; זיך לאָזען געהן כלומר'שט אין זייערע דרכים, אַרויסווייזען ביי זיך אַלע זייערע חסרונות און צו-באַמקען צו אַלץ, וואָס זיי טוען. מען דאַרף נישט מורא האָבען. טאָמער כאַפּט מען אַמאָל אַריבער די מאָס אין דער דאָזיגער חניפה. עס מאַכט גאָר נישט אויס, טאָמער איז די קאָ-מעדיע אַמאָל צו דורכזיכטיג, די פיפיגסטע מענשען ווע-רען די גרעסטע טפשים, ווען מען הויבט זיי אָן צו חנפ'ען. עס איז נישטאָ אויף דער וועלט קיין אייך גע-מיינע אָדער לעכערליכע זאַך, וואָס מענשען זאָלען נישט אָננעמען פאַר גוט, אויב זי איז נאָר באַזאַלצט מיט אַביסעל חניפה. די אויפריכטיגקייט, פאַרשטעהט זיך, ליידט

אַביסעל פון דער דאָזיגער מלאָכה מיינער, אָבער וואָס זאָל מען טון? אַז מען דאַרף האָבן אַ מענשען, מוז מען זיך צופּאַסען צו אים, און אויב מען קאָן אים געווינען נאָר מיט אַזאַ מיטעל, איז שולדיג דערין נישט דער, וואָס חנפ׳עט, נאָר דער, וואָס וויל גע׳חנפ׳עט ווערן.

**עליזאַ**

אָבער פאַרוואָס זעהט איר נישט אויך אַריבערצוציען אויף אונזער זייט, מיין ברודער, כּדי ער זאָל זיין מיט אונז אין פאַל, אויב די דינסט ועט אויסזאָגען אונזער געהיימניס?

**וואַלער**

מען קאָן נישט באַאַרבייטען ביידען מיטאַמאָל. דער טאַטע און דער זוהן זענען אַזעלכע געגענגעזעצטע כאַראַקטערען, אַז ס׳איז זער שווער צו זיין אַ פּאַרטרויאונגסמענש גלייכציייטיג ביי ביידען. אָבער איר פון אייער זייט זעהט צו ווירקען אויף אייער ברודער. נוצט-אויס די ליבע, וועלכע הערשט צווישען אייך ביידען, אום אַריינצוציען אים אין אונזער ענין. אָט קומט ער טאַקי. איך געה אַוועק. רעדט איצט איבער מיט אים און פון אונזער זאַך דערצעהלט אים נאָר דאָס, וואָס איר וועט געפונען פאַר נויטיג.

**עליזאַ**

איך ווייס נישט, צי איך וועל האָבען גענוג קראַפט צו רעדען מיט אים וועגען דעם אָפענהערציג.

## צווייטע סצענע.

קלעאַנט, עליזאַ.

**קלעאַנט**

איך בין זער צופרידען, וואָס איך האָב דיך דאָ געפונען אַליין, שוועסטער. איך האָב זיך שוין נישט געקאָנט דערוואַרטען צו רעדען מיט דיר און פאַרטרויען דיר אַ סוד.

**עליזאַ**

איך בין גרייט דיך אויסצוהערען, ברודער. וואָס האָסטו מיר צו זאָגען?

**קלעאַנט**

אַ סך זאַכען, שוועסטער, וועלכע באַשטעהען אָבער אַלע אין איין-איינציג וואָרט: איך ליב.

**עליזאַ**

דו ביסט פאַרליבט?

**קלעאַנט**

יאָ, איך בין פאַרליבט. אָבער פריער פאַר אַלץ מוז איך דיר זאָגען: איך בין אָפּהענגיג פון טאַטען. דער נאָמען אַליין „זוהן" וואַרפט-מיך-אונטער זיין ווילען. מיר טאָרען נישט נעמען אויף זיך קיין שום פליכטען אָהן דער איינשטימונג פון יענע, וועלכע האָבען אונז געבראַכט אויף דער וועלט. גאָט אַליין האָט זיי געשטעלט אַלס הערשער איבער אונזערע געפילען און פאַרלאַנגען, און מיר טאָרען קיין זאַך נישט טון אָהן זיי. זייענדיג פריי פון אומבאַטראַכטער היציגקייט, זענען זיי ביכולת אַ סך

זועניגער אַ טעות צו האָבען ווי מיר און פיל בעסער צו וויסען, וואָס עס פּאַסט פאַר אונז און וואָס נישט. מען דאַרף פיל מער בויען אויף זייער קלאָרען פאַרשטאַנד. איידער אויף אונזער בלינדער ליידענשאַפט. דאָס יוגענד־ליכע פייער שלעפּט אונז אָפטמאָל צו אַ געפערליכען אָפּגרונט. דאָס אַלץ זאָג איך דיר, שוועסטער, כדי דו זאָלסט זיך נישט דאַרפען מטריח־זיין, מיר עס צו זאָ־גען. ווארום מיין ליבע וויל פון קיין זאַך נישט הערען, און אַך בעט דיך פאָראויס, זאָלסט מיר נישט זאָגען קיין מיסר.

**עליזאַ**

האָסטו שוין, ברודער, געגעבען דאָס וואָרט די, וועלכע דו ליבסט?

**קלעאַנט**

ניין, אָבער איך בין פעסט באַשלאָסען עס צו טון, און איך בעט דיך טאַקי נאָכאַמאָל זאָלסט מיך נישט פּרובען אָפּרעדען דערפון.

**עליזאַ**

האַלסטו מיך דען פאַר אַזאַ באַרעניצטען מענשען?

**קלעאַנט**

ניין, שוועסטער! אָבער דו ליבסט נישט. דו ווייסט נישט, וואָס פאַר אַ זיסען שטורם די ליבע טראָגט אַריין אין׳ם מענשענ׳ס האַרצען, און איך האָב מורא פאַר דיין קאַל־טען פאַרשטאַנד.

**עליזאַ**

אָ, ברודער, לאָמיר בעסער נישט רעדען פון פאַרשטאַנד. ס׳איז נישטאָ דער מענש, וואָס זאָל זיך נישט באַנאַרי־שען ווייניגסטענס איינמאָל אין לעבען. ווען איך וואָלט פאַר דיר געעפענט מיין האַרץ, וואָלסטו אפשר געזעהן,

אַז איך בין גאָרנישט אַזאַ קאַלטער מענש, ווי דו מיינסט.

קלעאַנט

אָ, הלואי וואָלט דאָס אמת געווען, אַז דיין האַרץ זאָל פונקט ווי מיינס...

עליזאַ

לאָמיר פריער זיך אָפּפאַרטיגען מיט דיין ענין. זאָג מיר, ווער איז די, וועלכע דו ליבסט?

קלעאַנט

דאָס איז אַ יונגע פערזאָן, וועלכע וואוינט נישט לאַנג אין דער געגענט. זי איז דאַכט זיך, ספּעציעל באַשאַפן געוואָרען, כדי אַריינצובּרענגען ליבע-געפילען אין יעדען איינציגען, וואָס זעהט זי. די נאַטור, שוועסטער, האָט נאָך נישט באַשאַפן קיין ליבליכערע זאַך, ווי זי, און באַלד אינ׳ם ערשטען מאָמענט, ווען איך האָב זי דערזעהן, האָב איך מיך דערפילט באַהערשט דורך איר. זי הייסט מאַריאַנע און לעבט אונטער דער השגחה פון זער אַ גוטער מוטער, וואָס איז אָבער כמעט שטענדיג קראַנק. און זי, די טאָכטער ליבט איר מאַמען מיט אַזאַ ליבע, וואָס איז זיך פשוט נישט פאָרצושטעלען. זי באַדינט איר, העלפט איר און טרייסט איר מיט אַ טיף רירענדער צערטליכקייט. אויף אַלץ, וואָס זי זאָל נישט טון, ליגט אויסגעגאָסען אַנ׳אומבאַשרייבליכער חן, אַלע אירע מעשים האָבען טויזענטער שענקייטען. עפּעס אַ באַצויבערנדע מילדקייט האָט זי, אַ צוציענדע גוטסקייט, אַ געטליכע ערליכקייט, אַ... אָ, שוועסטער, איך וואָלט וועלען, דו זאָלסט זי זעהן!

עליזאַ

איך זעה זי שוין, ברודער, גאַנץ גוט אין די ווערטער וועלכע איך הער פון דיר. כדי צו פאַרשטעהן ווער זי איז, איז שוין פאַר מיר גענוג דאָס, וואָס דו ליבסט זי.

### קלעאַנט

איך האָב מיך צופעליג דערוואוסט, אַז זיי געפינען זיך אין אַ געדריקטער לאַגע, און אַז נישט קוקענדיג אויף זייער גאַנצער באַשיידענקייט, קאָנען זיי דאָך נישט אויסקומען. שטעל דיר פאָר, שוועסטער, וואָס פאַר אַ גליק דאָס איז, צו קענען פאַרבעסערן די לאַגע פון אַ מענשען וועלכען מען ליבט, צו קענען מיט דער נויטיגער געשיקטקייט וויפיל ס'איז אַרויסהעלפען אַן ערליכער פאַמיליע; אָבער באַגרייף אויך, ווי עס טוט וועה דאָס האַרץ, ווען צוליב דער קמצנות פון אַ טאַטען איז מען נישט אין שטאַנד צו געניסען דאָס דאָזיגע גליק. ווען צוליב אים האָב איך נישט די מעגליכקייט צו געבען איר, דער שענהייט, אַ וועלכען עס איז באַווייז פון מיין ברענענדער ליבע.

### עליזאַ

יאָ, ברורער, איך פאַרשטעה גאַנץ גוט, ווי גרויס דיין פאַרדרוס דאַרף זיין.

### קלעאַנט

אָ, שוועסטער! ער איז נאָך גרעסער, ווי מען קאָן זיך אים פאָרשטעלען. וואָרום צי קאָן דען זיין עפּעס גרויזאַמערעס ווי די דאָזיגע קליינליכע קמצנות, וועלכע ער פראַוועט מיט אונז, ווי די מורא, אין וועלכער ער האַלט אונז שטענדיג? וואָס קומט אַרויס פון אונזער רייכטום, אַז געניסען דערפון וועלען מיר מעגען ערשט דאַמאָלט, ווען מיר וועלען שוין קיין לוסט נישט האָבען צו געניסען. וויל איך אַמאָל אַביסעל פאַרברענגען, מוז איך מיך פאַרשולדיגען פון אַלע זייטען. מיר ביידע צוזאַמען מוזען דאָך אָנקומען צו דער טובה פון די סוחרים, כדי זיך צו קליידען ווי-עס-איז אָנשטענדיג. איך האָב טאַקי געוואָלט איבערעדען מיט דיר, זאָלסט מיר העלפען דערגעהן, ווי אַזוי דער טאַטע באַציט זיך צו די דאָזיגע געפילען מיי-

נע, און אויב איך וועל זעהן, אַז ער איז דאַגעגען, וועל איך פון דאַנען אַיועקגעהן מיט דיר צוזאַמען און מיר וועלעןביידע לעבען פון ויאָס גאָט וועט געבען. כּדי אויסצופירען דעם דאָזיגען פּלאַן, זוך איך איצט וואו צו לייען געלט, און אויב דו, שוועסטער, געפינסט זיך אויך אין אַזאַ לאַגע ווי איך, אויב דער טאַטע וועט נישט אַנדערש וועלען זיך אַוועקשטעלען געגען אונזערע פּאַרלאַנגען, וועלען מיר אים פּאַרלאָזען ביידע צוזאַמען. מיר וועלען זיך, ענדליך באַפרייען פון דער קנעכטשאַפט, אין וועלכער ער האַלט אונז אַזוי לאַנג מיט זיין אומער-טרעגליכער קמצנות.

עליזאַ

יאָ, עס איז ריכטיג, אַז וואָס אַ טאָג גיט ער אונז אַלץ מער גרונט צו באַדויערן דעם טויט פון אונזער מוטער; עס איז ריכטיג, אַז...

קלעאַנט

איך הער זיין שטימע. לאָמיר אַרויסגעהן פון דאַנען און מיר וועלען פאַרזעצען אונזער געשפּרעך. דערנאָך וועלען מיר זיך מאַכען האַרץ און צוזאַמען וועלען מיר זיך אַ נעם-טון צו זיין טיראַנישער עקשנות.

## דריטע סצענע.

### האַרפּאַגאָן, לאַ פלעש.

האַרפּאַגאָן

באַלד זאָלסטו מיר אַרויס פון דאַנען, און נישט גע-רעדט. נו, מאַך פיס, דו שאַרלאַטאַן וואָס דו ביסט. דו טורמעניק איינער!

לאַ פלעש
צו זיך
איך האָב נאָך אין מיין לעבען נישט געזעהן אַזאַ רשע, ווי דער דאָזיגער אַלטער מכשף. איך רעכען, אַז נישט אַנדערש ווי אַ נישט-גוטער זיצט אין אים.

האַרפּאַגאָן
דו מורמעלסט נאָך צווישען די ציין!

לאַ פלעש
פאַרוואָס טרייבט איר מיך אַרויס?

האַרפּאַגאָן
דיר, תליה-יונג, דאַרף איך געהן אָפּגעבען אַ חשבון פאַר-וואָס? אַרויס פון דאַנען. וואָרום איך דער׳הרג׳ע דיך אויפ׳ן אָרט!

לאַ פלעש
וואָס פאַר אַ בייז האָב איך אייך געטון?

האַרפּאַגאָן
דו האָסט מיר געטון דאָס, אַז איך וויל זאָלסט באַלד אַרויס.

לאַ פלעש
אָבער דעם הער׳ס זוהן, מיין בעל-הבית, האָט מיך גע-הייסען וואַרטען אויף אים.

האַרפּאַגאָן
געה אין אַלדי שוואַרץ יאָר וואַרטען אויף אים אין גאַס, אָבער נישט שטעהן דאָ, ביי מיר אין שטוב, ווי אַ פּי-קעט, נאָכצוקוקען אַלץ וואָס דאָ קומט פאָר און פון אַלץ אָפּצולעקען אַ ביינדעל. איך וויל נישט זעהן ביי מיר נאָכאַנאַנד אַ שפּיאָן, אַ פאַררעטער, וואָס גראָבט-איין זיי-

נע שפּיציגע אויגלעך אין אַלץ, וואָס איך טו, פרעכט מיט די בליקען מיין האָב און גוטס און האַלט רק אין איין נישטערן, טאָמער איז דאָ עפּעס צו לקח׳ענען.

לאָ פּלעש

ווי אַזוי, צי אַלדי גוטע יאָר, ווילט איר, איך זאָל ביי אייך לקח׳ענען? צי קאָן מען דען בכלל גנב׳ענען ביי אייך, אַז אַלץ איז ביי אייך אונטער׳ן שלאָס און טאָג און נאַכט היט איר, ווי אַ וואַן?

האַרפּאַגאָן

וויל איך דוקא אַלץ פאַרשליסען און אַלץ היטען, ווי אַ וואַך—אַזוי געפעלט מיר. וואָס זאָגט איר, איך בעט אייך, צו די נאָכשמעקער מיינע, וועלכע כאַפּען עס אויף אַלץ, וואָס איך טו? שטיל, צו זיך איך האָב שטאַרק מורא, ער זאָל שוין נישט האָבען געוואָרפען אַנ׳אויג אויף מיין געלט, הויך אפשר וואָלסטו געוועז אַ בעלן צו געהן אויספּויקען פאַר אַלעמען, אַז איך האָב באַהאַלטען געלט?

לאָ פּלעש

איר האָט באַהאַלטען געלט?

האַרפּאַגאָן

ניין, כל-בו׳ניק, איך זאָג דאָס נישט! שטיל איך וועל משוגע ווערען. הויך איך פרעג, צי דו גערעסט מיט אַ פּיון דער-צעהלען מעשיות, אַז איך האָב באַהאַלטען געלט?

לאָ פּלעש

ע, ווענען האַרט עס, צי איר האָט, צי איר האָט נישט? אונז געהט עס ווייניג אָן.

האַרפּאַגאָן

אויפהויבענדיג די האַנט, כדי אים אַ פּאַטש צו געבען

דו חכמה׳סט זיך נאָך! איך וועל דיר דיינע חכמות אַרויס-
שלאָגען פון קאָפּ. אַרויס פון דאַנען, זאָג איך דיר נאָכ-
אַמאָל!

לאַ פלעש

מילאַ, געה איך.

האַרפּאַגאָן

וואַרט נאָר. דו האָסט גאָרנישט גענומען מיט זיך?

לאַ פלעש

וואָס האָב איך דאָ געזאָלט נעמען?

האַרפּאַגאָן

קום נאָר אַהער. לאָמיר אַ קוק-טון. ווייז דיינע הענט.

לאַ פלעש

אָט זענען זיי.

האַרפּאַגאָן

די אַנדערע!

לאַ פלעש

די אַנדערע?

האַרפּאַגאָן

יאָ.

לאַ פלעש

אָט זענען זיי.

האַרפּאַגאָן

אָנטאַפּנדיג אויף לאַ־פלעש׳ס הויזען

אָט דאָ האָסטו גאָרנישט אַריינגעלעגט?

לאַ פלעש

גיט אַליין אַ קוק.

הארפאַגאָן
שטייענדיג אין די הויזען

אין אַזעלכע הויזען קאָן מען גאַנץ גוט אַריינשטופּען גע-גנב'עטע זאַכען און איך וואָלט טאַקי געוואָלט, אַז מען זאָל אַזאַ איינעם נעמען צו דער תליה.

לאַ פלעש
צו זיך

עס וואָלט, כ'לעבען, געווען אַ גרויסע מצוה, מען זאָל אַזאַ פאַרשוין אָפּטון אַ שטיקעל אַרבייט. מיט וואָס פאַר אַ שמחה איך וואָלט עס אים באַגנב'עט!

הארפאַגאָן
וואָס זאָגסטו עפּעס: באַגנב'עט?

לאַ פלעש
איך זאָג, אַז איר זוכט אומעטום, טאָמער האָב איך אייך באַגנב'עט.

הארפאַגאָן
אַודאי וועל איך עס טאַקי טון ער זוכט אין לאַ-פלעש'ס קעשע-נעס.

לאַ פלעש
צו זיך

אַז אַ מגפה זאָל אַריין אין אַלע קעשענעס.

הארפאַגאָן
האַ? וואָס האָסטו געזאָגט?

לאַ פלעש
וואָס איך האָב געזאָגט?

הארפאַגאָן
יאָ, וואָס האָסטו עפּעס געזאָגט: קעשענעס?

לאַ פלעש

איך האָב געזאָגט, אַז אַ מגפה זאָל אַריין אין אַלע קאָר-גע.

האַרפּאַגאָן

וועמען מיינסטו דערמיט?

לאַ פלעש

די קאַרגע.

האַרפּאַגאָן

אָבער ווער זענען זיי, די קאַרגע?

לאַ פלעש

ווער זיי זענען? פּאַסקודנע, געמיינע ברואים.

האַרפּאַגאָן

אָבער וועמען מיינסטו דערמיט?

לאַ פלעש

אָבער וואָס אַרט דאָס אייך אַזוי?

האַרפּאַגאָן

איך ווייס, וואָס מיך אַרט.

לאַ פלעש

צי דען מיינט איר, אַז איך וויל רעדען פון אייך?

האַרפּאַגאָן

איך מיין דאָס, וואָס איך מיין; אָבער איך וויל, זאָלסט מיר זאָגען, צו וועמען דו רעדסט, ווען דו זאָגסט עס.

לאַ פלעש

איך רעד... איך רעד צו מיין היטעל.

האַרפּאַגאָן

און איך וועל באַלד נעמען רעדען צו דיינע זייטען

לאַ פעלש

איר וועט מיר דען פאַרווערען צו שילסען די קאַר-
גע?

האַרפּאַגאָן

ניין, אָבער איך וועל דיר פאַרווערען צו זיין אַ חצוף
שווייגען זאָלסטו!

לאַ פלעש

איך האָב דאָך קיינעם נישט אָנגערופען.

האַרפּאַגאָן

פּרוב נאָר אַ פּיפּס-טון, צעברעך איך דיר די ביינער.

לאַפלעש

נו יאָ, אַז מען גיט אַ קלאַפּ אין טיש, רופט זיך אָפּ די
שער.

האַרפּאַגאָן

דו וועסט שווייגען, צי ניין?

לאַ פלעש

יאָ, כאָטש עס ווילט זיך נישט.

האַרפּאַגאָן

ע, ע!

לאַ פלעש

ווײַזענדיג האַרפּאַגאָנ׳ען נאָך אַ קעשענע

אָט האָט איר נאָך אַ קעשענע. זענט איר צופרידען?

האַרפּאַגאָן

בעסער גיב אַוועק איידער איך נעם זוכען.

לאַ פלעש

וואָס זאָל איך אַוועקגעבען?

האַרפּאַגאָן
דאָס, וואָס דו האָסט גענומען.

לאַ פלעש
איך האָב ביי אייך גאָרנישט גענומען.

האַרפּאַגאָן
מיט אַנ׳אמת?

לאַ פלעש
מיט אַנ׳אמת.

האַרפּאַגאָן
נו, טאָ זאָג אַ גוטען טאָג און געה אין אַלדי דר׳ערדען.

לאַ פלעש
דאַכט זיך, ער הייסט מיר געהן.

האַרפּאַגאָן
געדענק, אַז איך שטעל דאָס אויף דיין געוויסען.

## פירטע סצענע.

### האַרפּאַגאָן אַליין.

דאָס איז אַ טרפה׳נער ביין, אויף וועלכען עס לאָזט זיך אַלץ גלויבען. איך וואָלט שטאַרק געוואָלט, אַז דער דאָזיגער הינקעדיגער הונט זאָל זיך מיר נישט ווייזען מער פאַר די אויגען. יאָ, ס׳איז אַ שווערע עובדה צו האָבען ביי זיך אַ היפּשע סומע געלט. גליקליך איז דער, וואָס האָט אריינגעלעגט זיין פאַרמעגען אין אַ זיכערען געשעפט און האַלט ביי זיך נאָר דאָס, וואָס ער דאַרף אויף דער הוצאה. אין דער גאַנצער שטוב איז נישט אויסצו-

געפינען ערגיץ עפעס אַ זיכערען אָרט. אייזערנע קאַסעס זענען פֿאַר מיר קיין ערבות נישט, איך וויל מיך אויף זיי נישט פֿאַרלאָזען. פאַרקערט, זיי גיבען נאָך צו די גנבים מער אפעטיט און קודם כּל נעמט מען זיך צו זיי.

## פיפטע סצענע.

### האַרפּאַגאָן, עליזאַ און קלעאַנט.

די צחיי לעצטע בלײַבען סטעהן אין הינטערגרונט און רעדען צווישען זיך

האַרפּאַגאָן

פּינענדיג, אז ער איז אליין

און פֿונדעסטוועגען ווייס איך נישט, צי איך האָב גוט געטון דערמיט, וואָס איך האָב באַגראָבען אין גאָרטען די צעהן טויזענט רענדלעך, וועלכע מען האָט מיר נעכטען, אָפּגעגעבען. צעהן טויזענט רענדלעך אין געלד... ביי זיך.. דאָס איז דאָך אַ גאַנץ... צו זיך, דערזעהענדיג עליזאַ און קלעאנט'ן אוי, געוועטעניו, איך האָב מיך אַליין אַרויסגעגעבען. דער טייוועל האָט מיר געצויגען פֿאַר דער צונג צו רעדען הויך אויפֿ'ן קול מיט זיך אַליין צו קלעאנט'ן און עליזא'ן וואָס איז דאָרט אַזוינס?

קלעאַנט

גאָרנישט, טאַטע.

האַרפּאַגאָן

איר זענט שוין דאָ לאַנג דאָ?

עליזאַ

אָקאָרשט זענען מיר אַריין.

האַרפּאַגאָן

איר האָט געהערט...

קלעאַנט

וואָס, טאַטע?

האַרפּאַגאָן

דאָס... אַז...

עליזאַ

וואָס?

האַרפּאַגאָן

דאָס, וואָס איך האָב אָקאָרשט געזאָגט.

קלעאַנט

ניין.

האַרפּאַגאָן

דאַכט זיך, אַז יאָ...

עליזאַ

אַנטשולדיג, טאַטע...

האַרפּאַגאָן

איך זעה, אַז איר האָט עפּעס געהערט. דאָס האָב איך גערעדט מיט זיך אַליין וועגען די צרות, וואָס מען שטעהט היינט אויס איידער מען קריגט אַביסעל געלט. און איך האָב געזאָגט, אַז גליקליך איז דער, וואָס פאַרמאָגט ביי זיך אַ צעהן טויזענט רענדלעך.

קלעאַנט

מיר האָבען טאַקי נישט געוואָלט צוגעהן צו דיר, כדי דיר נישט צו שטערען.

האַרפּאַגאָן

איך וועל עס אייך טאַקי זאָגען, כדי איר זאָלט נישט אָננעמען די זאַך פונקט קאַפּויער און נישט מיינען, אַז דאָס האָב איך ביי זיך צעהן טויזענט רענדלעך.

קלעאַנט

מיר געהען נישט אַ'יין, טאַטע, אין דיינע געשעפ-
טען.

האַרפּאַגאָן

אָ, הלואי וואָלט איך טאַקי געהאַט אַ צעהן טויזענד
לען.

קלעאַנט

איך גלויב נישט...

האַרפּאַגאָן

דאָס וואָלט געווען נישט שלעכט...

עליזאַ

דאָס זענען אַלץ זאַכען, וואָס...

האַרפּאַגאָן

איך וואָלט זיי, כ'לעבען, נויטיג באַדאַרפט האָבען...

קלעאַנט

איך רעכען, אַז...

האַרפּאַגאָן

זיי וואָלטען מיר צו-נוץ געקומען...

עליזאַ

דו ביסט...

האַרפּאַגאָן

איך וואָלט מיך שוין דאַן נישט באַקלאָגט, ווי איצט, אויף
דער שלעכטער צייט.

קלעאַנט

דאַכט זיך, טאַטע, אַז דו האָסט נישט אויף וואָס זיך צו באַ-
קלאָגען. מען ווייסט, אַז דו האָסט אַ גאַנץ היפּש פאַרמע-
גען.

הארפאַגאָן

וואָס?! איך האָב אַ היפש פאַרמעגען?! די, וועלכע האָבען דיר עס געזאָגט, האָבען געזאָגט כזוב ושקר. עס איז נאָך אַזאַ ליגען נישט געהערט געוואָרען. דאָס האָבען נאָר געמיינע מענשען געקאָנט פאַרשפרייטען אַזעלכע קלאַנגען.

עליזאַ

ווער נישט אין כעס, טאַטע.

הארפאַגאָן

דאָס איז דאָך אַן׳אומערהערטע זאַך, אַז אייגענע קינדער זאָלען פאַרראַטען אַ טאַטען און ווערען אים שונאים.

קלעאַנט

אויב מען זאָגט, אַז דו האָסט אַ פאַרמעגען, איז מען דיר דערמיט אַ שונא?

הארפאַגאָן

יאָ. אַזעלכע דבורים און די קאָסטען, וואָס איר מאַכט מיר, קאָנען ברענגען דערצו, אַז עמיצער וועט קומען מיך קוילען, זייענדיג זיכער, אַז איך בין אָנגעשטאָפט מיט געלד.

קלעאַנט

וואָסערע גרויסע קאָסטען מאַך איך עס דיר?

הארפאַגאָן

וועלכע קאָסטען? דאַרף מען דען אַ סקאַנדאַליעזערע זאַך, ווי די קאָסטיומען, אין וועלכע דו שפּאַצירסט אַרום איבער די גאַסען? נעכטען האָב איך געהאַט אַזעלכע טענור מיט דיין שוועסטער, אָבער דו ביסט דאָך נאָך ערגער. דאָס איז דאָך פשוט הימעלשרייענד, אַז מען זאָל דיך אויסטון פון קאָפּ ביז די פיס, קאָן מען דאָך אַ גאַנצען קאַפּיטאַל האָבען. איך האָב דיר שוין צוואַנציג מאָל גע-

זאָגט, מיין זוהן, אַז דיינע דרכים הויבען מיר נישט אָן צו געפעלען. דו שניידסט זיך אויף אַ מאַרקיז, און אום צו געהן אַזוי באַקליידט, האָסטו מיך סיידען געדאַרפט באַ־גנב׳ענען.

קלעאַנט

ע, ווי קאָן מען דען דיך באַ׳גנב׳ענען!

האַרפּאַגאָן

וואָס קאָן איך וויסען! פון וואַנען־זשע נעמסטו אויף זיך אָנצוטון אַזוי?

קלעאַנט

איך? גאַנץ איינפאַך: איך שפּיל, און אַזוי ווי עס גליקט מיר זעהר אין שפּילען, פאַרטו איך פאַר זיך אַלץ, וואָס איך געווין.

האַרפּאַגאָן

און דאָס איז טאַקי זעהר שלעכט. אויב עס גליקט דיר אין שפּילען, וואָלסטו בעסער באַדאַרפט אַריינלעגען דאָס געלט אין אַ זיכערען אָרט, כדי דערנאָך עס צו האָבען גאַנץ. איך רעד שוין נישט פון די איבעריגע זאַכען, נאָר איך וואָלט געוואָלט וויסען, צי וואָס דאַרף מען האָבען אָט די אַלע בענדער און שמאָכטעס, מיט וועלכע דו ביסט אַרומגעפּלאָכטען פון קאָפּ ביז די פיס? צי וואָלט נישט גענוג געווען אַ האַלב-טוץ שפּילקעס צו פאַרשפּילען די הויזען? נויטיג דאַרף מען אויסגעבען געלט אויף פּאַ־ריקען, בעת מען קאָן גאַנץ גוט געהן אין די אייגענע האָר, וועלכע קאָסטען גאָרנישט. איך וועל שווערען, אַז דיינע פּאַריקען און בענדער אַליין באַטרעפען אַודאי צוואָנציג פּיסטאָלען, און צוואָנציג פּיסטאָלען ברענגען איין אין איין יאָר אַכטצעהן ליוור מיט זעקס סו מיט אַכט דינאַרען, ווען מען זאָל זיי פאַרלייען אַפילו פאַר איין דינאר פון צוועלף.

מעגען מיר ביידע זיך שרעקען פאַר חתונה־האָבען. מיר האָבען מורא, אַז מיר וועלען נישט איינגאַנצען מסכים זיין אויף דעם, וואָס דו וועסט פאַר אונז אויסקלויבען.

האַרפּאַגאָן

אַביסעל געדולד. האָט קיין מורא נישט. איך ווייס, וואָס פאַר אייך ביידען איז גוט. קיין איינער פון אייך וועט נישט דאַרפען זיך באַקלאָגען אויף דעם, וואָס איך האָב בדעה צו טון. נאָר לאָמיר טאַקי רעדען צו דער זאַך *צו קלעאַנט.* צי קענסטו נישט איינע אַ יונגע פּערזאָן, וועלכע הייסט מאַריאַנע און וואוינט נישט ווייט פון דאַנען?

קלעאַנט

יאָ, טאַטע.

האַרפּאַגאָן

*צו עליזאַ'ן*

און דו?

עליזאַ

איך האָב וועגען איר געהערט רעדען.

האַרפּאַגאָן

און ווי, מיין זוהן, געפעלט דיר דאָס דאָזיגע מיידעל?

קלעאַנט

זער אַ וואויל מיידעל.

האַרפּאַגאָן

און דאָס פּנים?

קלעאַנט

אַנ'ערליך קלוג פּנים.

האַרפּאַגאָן

און ווי זעהט זי אויס, ווי האַלט זי זיך?

קלעאַנט

יאָ, ביסט גאַנץ גערעכט.

האַרפּאַגאָן

מילא, לאָמיר עס אַוועקלעגען און לאָמיר רעדען פון אַנדערע זאַכען דערזעהענדיג, אַז קלעאַנט און עליזאַ מאַכען זיך צייכענס האַ? צו זיך מיר דוכט, אַז זיי מאַכען זיך צייכענס, ווי אַזוי מיר אַוועקצוגנב'ענען מיין ביטעל הויך. וואָס איז דאָס פאר זשעסטען? וואָס זאָל דאָס באַדייטען?

עליזאַ

דאָס דינגען מיר זיך ביידע, טאַטע, ווער עס זאָל פון אונז רעדען דער ערשטער. מיר דאַרפען דיר ביידע עפּעס זאָגען.

האַרפּאַגאָן

און איך דאַרף אויך עפּעס זאָגען אייך ביידען.

קלעאַנט

מיר ווילען רעדען מיט דיר, טאַטע, וועגען חתונה.

האַרפּאַגאָן

און איך וויל טאַקי אויך שמועסען מיט אייך מ'כח חתונה.

עליזאַ

אָ, טאַטע!

האַרפּאַגאָן

וואָס איז דער „אָ!" צי האָסטו מורא, טאָכטער, בלויז פאַר'ן וואָרט, אָדער פאַר דער זאַך אַליין?

קלעאַנט

אַזוי ווי דו, טאַטע, פאַרשטעהסט דעם ענין פון חתונה,

קלעאַנט

אויסגעצייכענט אָהן שום ספק

האַרפּאַגאָן

צי געפינסטו נישט, אַז אַזאַ מיידעל, ווי זי, פאַרדינט מען זאָל ווערען איר אַ בראַכט־מון?

קלעאַנט

יאָ, טאַטע.

האַרפּאַגאָן

גלויבסטו, אַז דאָס וואָלט געווען אַ געוואינשענער שדוך?

קלעאַנט

זער אַ געוואונשענער.

האַרפּאַגאָן

זעהט זי אויס צו זיין אַ בעל־הבית'טע

קלעאַנט

אָהן שום ספק.

האַרפּאַגאָן

און דו געפינסט, אַז אַ מאַן וועט מיט איר צופרידען זיין?

קלעאַנט

זיכער.

האַרפּאַגאָן

ס'איז אָבער דאָ אַ קליינע שווירינקייט. איך האָב מורא, אַז זי האָט נישט גענוג נדן.

קלעאַנט

אַיי, טאַטע! בשעת עס האַנדלט זיך וועגען התונה האָבען מיט אַנ׳ערליכער, אַנשטענדיגער פּערזאָן, פּאַסט זיך נישט קוקן אויף נדן.

האַרפּאַגאָן

זיי מוחל, זיי מוחל... יאָ, דערצו איז פאַרהאַן אַן עצה: אויב זי ברענגט נישט מיט זיך אַזאַ פאַרמעגן, ווי עס וואָלט זיך געוואָלט, באַמיט מען זיך עס צו דערכאַפּן אויף אַנדערע זאַכן.

קלעאַנט

פאַרשטעהט זיך.

האַרפּאַגאָן

נ-נאַ, איך בין גאַנץ צופרידען, וואָס דו ביסט מיט מיר איינ-שטימיג, וואָרום זי איז מיר זער געפעלען געוואָרען מיט איר אָנשטענדיגער האַלטונג און מיט איר געלאַסענקייט. איך האָב מיך באַשלאָסען מיט איר חתונה צו האָבען, אויב נאָר זי פאַרמאָגט עפּעס.

קלעאַנט

האָ?

האַרפּאַגאָן

וואָס?

קלעאַנט

די האָסט, זאָגסטו, באַשלאָסען...

האַרפּאַגאָן

חתונה צו האָבען מיט מאַריאַנען.

קלעאַנט

ווער? דו? דו!

האַרפּאַגאָן

יאָ, איך, איך, איך. וואָס איז דען?

קלעאַנט

עפּעס איז מיר פּלוצלינג נישט גוט געוואָרען. איך מוז

אַרויסגעהן פון וואַגן.

האַרפּאַגאָן

דאָס איז גאָרנישט, ס'וועט איבערגעהן. געה גיכער אין קיך און טרינק-אויס אַ גרויס גלאָז קאַלט וואַסער.

## זעקסטע סצענע.

### האַרפּאַגאָן, עליזאַ.

האַרפּאַגאָן

אָט דאָס זענען זיי, אונזערע היינטיגע אויסגעפּוצטע פּראַנטלען. פאַרמאָגען אין זיך אַזוי פיל כח, וויפיל אַ הינדעל... יאָ, הייסט עס דאָס, מיין טאָכטער, האָב איך באַשלאָסען פאַר זיך. וואָס אָנבאַלאַנגט דיין ברודער, האָב איך פאַר אים איינע אַן'אַלמנה, וועגען וועלכער מען איז היינט געקומען רעדען מיט מיר. דיך ווידער וועל איך חתונה מאַכען מיט'ן הער אַנסעלם?

עליזאַ

מיט'ן הער אַנסעלם?

האַרפּאַגאָן

יאָ, ער איז אַ מענש אַ רייפער, אַ געזעצטער, אַ באַרעכענטער און איז נישט עלטער פון פופציג יאָר. מען זאָגט, אַז ער איז זייער פעסט אין מעמד.

עליזאַ

מאַכענדיג אַ רעווערענס

איך וויל גאָרנישט חתונה-האָבען, טאַטע, אויב דו וועסט ערלויבען.

האַרפּאַגאָן

נאָכמאַכענדיג עליזאַ'ן

און איך, טאָכטערל מיינס, וויל, אַז דו זאָלסט דוקא יאָ חתונה האָבען אויב דו וועסט ערלויבען.

עליזאַ

זיי מיר מוחל, טאַטע.

האַרפּאַגאָן

זיי מיר אויך מוחל, טאָכטערל.

עליזאַ

איך בוק מיך און נייג מיך טויזענטער מאָל פאַר'ן הער אַנ-סעלם, אָבער מאַכענדיג נאָך אַ רעווערענס נעם נישט פאַר אומגוט, אויב איך וועל מיט אים בשום אופן נישט חתונה-האָבען.

האַרפּאַגאָן

און איך בוק מיך און נייג מיך טויזענטער מאָל פאַר דיר, אָבער נאָכמאַכענדיג עליזאַ'ן נעם נישט פאַר אומגוט, אויב דו וועסט מיט אים דוקא יאָ חתונה האָבען. און נאָך היינט אין אָווענט.

עליזאַ

נאָך היינט אין אָווענט?

האַרפּאַגאָן

נאָך היינט אין אָווענט.

עליזאַ

דאָס וועט נישט געשעהן, טאַטע.

האַרפּאַגאָן

דאָס וועט יאָ געשעהן, טאָכטערל.

עליזאַ

ניין!

האַרפּאַגאָן

יאָ!

עליזאַ

איך זאָג דיר: ניין!

האַרפּאַגאָן

איך זאָג דיר: יאָ!

עליזאַ

דו וועסט מיך דערצו נישט צווינגען.

האַרפּאַגאָן

איך וועל דיך דערצו יאָ צווינגען.

עליזאַ

איך וועל מיר בעסער אַ מעשה אָנטון, איידער נעמען אים פאַר אַ מאַן.

האַרפּאַגאָן

דו וועסט דיר קיין מעשה נישט אָנטון און וועסט אים יאָ נעמען פאַר אַ מאַן. געזעהן אַ חוצפּה! איז דאָס געהערט געוואָרען, אַז אַ מיידעל זאָל אַזוי רעדען מיט אַ טאַטען ?

עליזאַ

איז דאָס אָבער געהערט געוואָרען, אַז אַ טאַטע זאָל וועלען אַזוי חתונה-מאַכען אַ טאָכטער?

האַרפּאַגאָן

דאָס איז אַ גאַנץ שעהנער שדוך, געגען וועלכען קיינער וועט אַ וואָרט נישט זאָגען און איך וועט מיך מיט דיר, אַז אַלע וועלען מיר געבען גערעכט.

עליזאַ

און איך וועט מיך מיט דיר, אַז קיין איין פאַרשטענדיגער מענש וועט דיר נישט געבען גערעכט.

האַרפּאַגאָן

דערזעהענדיג פון ווייטען וואַלער'ן

אָט איז וואַלער. ווילסטו, אַז ער זאָל זיין דער שופט צווישען אונז ביידען ?

עליזאַ

איך בין מסכים.

הארפּאַגאָן

ווּעסטו פאָלגען, וואָס ער וועט זאָגען?

עליזאַ

יאָ. ווי ער וועט זאָגען, אַזוי וועל איך טון.

האַרפּאַגאָן

ס'איז געמאַכט.

## זיבעטע סצענע.

וואַלער, האַרפּאַגאָן, עליזאַ:

הארפּאַגאָן

אַהער-צו גיה, וואַלער. מיר האָבּען דיך אויסגעקליבּען זאָלסט אונז זאָגען, ווער פון אונז בּיידען איז גערעכט, איך, צי מיין טאָכטער.

וואַלער

איר, מיין-הער, זענט גערעכט, אָהן אַ שום ספק.

האַרפּאַגאָן

דו ווייסט דען, וועגען וואָס עס האַנדעלט זיך?

וואַלער

דאָס ווייס איך נישט, אָבּער איר קאָנט נישט זיין אומגע-רעכט. איר זענט די גערעכטיקייט אַליין.

הארפּאַגאָן

איך וויל היינט אָוועגט איר חתונה מאַכען מיט אַ מענשען, וועלכער איז אי רייך, אי קלוג; און זי, די חציפה, זאָגט מיר מיט עזות, אַז זי לאַכט זיך אויס דערפון, אַז עס פאַלט איר גאָרנישט איין. וואָס זאָגסטו אויף דעם?

וואַלער
וואָס איך זאָג אויף דעם?

האַרפּאַגאָן
יאָ.

וואַלער
הם... הם...

האַרפּאַגאָן
וואָס?

וואַלער
איך זאָג, אַז אין גרונט גענומען זענט איר גערעכט: ס'איז דאָך אוממעגליך, אַז איר זאָלט זיין אומגערעכט. אָבער פון דער צווייטער זייט איז זי אויך נישט אינגאַנצן אומגערעכט און...

האַרפּאַגאָן
וואָס? דאָס איז אַ שידוך פון שידוך-לאַנד. דער הער אַנסעלם איז אַ בכבוד'יגער מענש, אַן אַדעלמאַן, אַ גוטער, אַ געזעצטער, אַ קלוגער און זער אַ פאַרמעגליכער. דערצו נאָך איז אים פון דער ערשטער התונה קיין קינדער נישט געבליבן. קאָן מען דען געפונען אַ בעסערן חתן?

וואַלער
דאָס אַלץ איז ריכטיג, אָבער זי קאָן אייך דאַרויף ענטפערן, אַז מען דאַרף זיך אַזוי נישט איילען, אַז מען דאַרף פריער זעהן אַ געוויסע צייט, צי ער איז איר צום האַרצן, צי...

האַרפּאַגאָן
אָבער דאָס איז אַ געלעגענהייט, וועלכע מען דאַרף געשווינד אַ כאַפּ-טון מיט ביידע הענט, ווי אַן אַבן-טוב. דאָ איז נאָך דאָ אַ מעלה, וואָס אַנדערש וואו וועל איך נישט געפונען: ער איז זיך מתחייב זי צו נעמען אָהן נדן!

װאַלער

אָ, אויב אַזוי, זאָג איך שוין גאָרנישט. דאָס, וואָס איר, איז שוין גאָר אַן'אַנדערע זאַך, און מען מוז זיך דערמיט רעכע-נען.

האַרפּאַגאָן

דאָס איז דאָך פֿאַר מיר אַ באַדייטענט געווינס.

װאַלער

אַוודאי, אַוודאי. אין דעם קאָן קיין צוויי מיינונגען נישט זיין. כאָטש, אייגענטליך, אייער טאָכטער וואָלט געקאָנט טענה'ן, אַז התונה איז נישט אַזאַ קלייניגקייט, ווי מען קאָן מיינען; אַז דאָ האַנדעלט זיך וועגען דעם, מען זאָל זיין גליקליך, אָדער אומגליקליך דאָס גאַנצע לעבען; אַז אַזאַ מין התחייבות, וועל-כע דויערט דאָס גאַנצע לעבען, מוז געמאַכט ווערען זעהר און זעהר פאָרזיכטיג.

האַרפּאַגאָן

אָהן נדן!

װאַלער

איר זענט גאַנץ גערעכט. דאָס איז שוין, פֿאַרשטעהט זיך, אַן'-ענטפער אויף אַלץ. פֿאַראַן אָבער מענשען, וועלכע וואָלטען אייך קאָנען זאָגען, אַז אין אַזעלכע פֿראַגען איז דאָס האַרץ פֿון אַ מעדעל, אָהן ספק, אַזאַ זאַך, מיט וועלכער מען מוז זיך רעכענען. און אַז די פֿאַרשידענהייט אין יאָרען, אין שטימונג און געפֿילען קאָן ברענגען דערנאָך צו זעהר נישט קיין גוטע זאַכען.

האַרפּאַגאָן

אָהן נדן!

װאַלער

אָ, געגען דעם קאָן מען גאָרנישט ענטפֿערן. דאָס איז דאָך אַ

באַקאַנטע זאַך. ווער, איך בעט אייך, וועט דען אַנדערש זאָגען: כאָטש, אייגענטליך, זענען פאַראַן אַ סך טאַטעס, וועלכע שאַנעווען פיל מער זייערע טעכטער, איידער זייער געלט; וועלכע ווילען נישט מקריב זיין זייערע קינדער לשם געשעפט און ביים טון אַ שדוך זעהען זיי קודם כל, צי ס'איז פאַראַן יענע בנעימות'דיגע צוגעפּאַסטקייט, וועלכע איז פאַר'ן פאָר-פאָלק תמיד אַ קוואַל פון עהרע, פון נחת, פון פרייד, און...

הארפּאַגאָן

אָהן נדן.

וואַלער

יאָ, מען מוז מודה זיין, געגען דעם דרעהט זיך שוין די צונג נישט איבער. אָהן נדן! וואָס קאָן מען דען ענטפערן געגען אַזאַ אַרגומענט?

האַרפּאַגאָן

צו זיך, קוקענדיג אין דער זייט פון גאָרטען

אַהאַ! מיר דאַכט, אַז אַ הונט בילט עפּעס, צי האָט שוין אפשר עמיצען מיין געלט נישט פאַרשמעקט? צו וואַלערן. בלייב דאָ אויפ'ן אָרט. איך קום באַלד צוריק.

## אַכטע סצענע.

עליזא, וואַלער:

עליזאַ

דאָס האָט איר געטריבען הוזק, וואַלער, מיט דעם, וואָס איר האָט אים דאָ געזאָגט?

וואַלער

דאָס האָב איך אַזוי געטאָן, כדי אים נישט אויפצורעגען און כדי בעסער זיך אָפּצופּאַרטיגען מיט אים. זיך אַנטקעגענשטעלען

אָפּען און פּשוט געגען זײנע געפילען װאָלט געהײסען אַל׳ קאַליע מאַכען. ס׳זענען פאַראַן מענשען, װעלכע מען קאָן באַ־הערשען נאָר מיט נאָכגעבען. דאָס זענען נאַטורען, װעלכע קאָ־נען נישט סובל זײן יעדען װידערשטאַנד ; עקשנים, װאָס ברײ־קעװען זיך געגען יעדען אמת און קעמפען, װי זײ קאָנען נאָר געגען דעם שכל הישר. אַזעלכע דאַרף מען גוט קאָנען קירעװען, כדי צו דערפירען צו הין, װאו מען װיל. איר מאַכט כלומר׳שט דעם אָנשטעל, אַז איר זענט מסכים אויף אַלץ, װאָס ער פאָדערט. אַזױ גרום װעט איר אַ סך בעסער זיך געבען אַן עצה מיט אים.

**עליזאַ**

אָבער, װאַלער, די חתונה !

**װאַלער**

מיר װעלען שױן געפינען אַן עצה, אַז פון דעם זאָל גאָרנישט װערען.

**עליזאַ**

אָבער װאָס פאַר אַ מיטעל קאָן מען געפינען, אַז נאָך הײנט אין אָװענט דאַרף דאָס באַשלאָסען װערען?

**װאַלער**

מען דאַרף אים בעטען, ער זאָל עס אָפּלעגען. מען דאַרף זיך מאַכען פאַר קראַנק.

**עליזאַ**

אָבער אַז מען װעט רופען אַ דאָקטאָר, װעט מען דאָך זעהן, אַז דאָס איז אַ געמאַכטע זאַך.

**װאַלער**

כ׳לעבען, איר טרײבט אַ שפּאַס! זײ פאַרשטעהען דען עפּעס, די דאָקטױרים? זײט רױג, פאַר זײ קאָנט איר אױסטראַכטען, װאָס פאַר אַ קרענק איר װילט, און זײ װעלען שױן געפונען אײך צו דערקלערען פון װאַנען די קראַנקהײט קומט.

## נײַנטע סצענע.

### האַרפּאַגאָן, עליזאַ, װאַלער.

האַרפּאַגאָן

צו זיך, זײענדיג נאָך אין הינטערגרונט

אַ דאַנק גאָט, ס׳איז גאָרנישט געװען.

װאַלער

נישט זעהענדיג האַרפּאַגאָנ׳ען

אויפ׳ן לעצטען פאַל קאָנען מיר, ענדליך, אַנטלויפען און פטור װערען פון אַלץ, און אויב אייער ליבע, שענע עליזאַ, איז פעיג אייך צו געבען אַנטשלאָסענקייט... דערזעהענדיג האַרפּאַגאָנ׳ען יאָ, אַ מעדעל מוז פאָלגען, װאָס אַ טאַטע זאָגט. זי דאַרף נישט קו-קען צי דער מאַן איז שען, צי ניין, בפרט נאָך װען ס׳איז דאָ אַ געלעגענהייט התונה צו האָבען אָהן נדן—דאַן מוז זי זיין גרייט צו נעמען, װאָס נאָר מען גיט איר.

האַרפּאַגאָן

אָ, אָט דאָס הייסט גערעדט!

װאַלער

אַנטשולדיגט, מיין הער, װאָס איך האָב מיך אַ ביסעל צעהיצט און ערלויב מיר צו רעדען אַזוי מיט אייער טאָכטער.

האַרפּאַגאָן

װאָס הייסט! פאַרקערט, איך בין דערפון זעהר צופרידען און איך װיל טאַקי, אַז דו זאָלסט האָבען איבער איר די גאַנצע

דעה. צו עליזאַ'ן. יאָ, דו וועסט שוין אַנטלויפען! אים גיב איך איבער די מאַכט, וועלכע גאָט האָט מיר געגעבען איבער דיר, און דו וועסט מוחל זיין פון אַלץ, וואָס ער וועט דיר הייסען.

וואַלער
צו עליזאַ'ן
איצט פרובט מיך נישט פאָלגען!

## צענטע סצענע.

### האַרפּאַגאָן, וואַלער.

וואַלער
מיין הער, איך וועל מיטגעהן מיט איר און ווייטער איר לערנען, ווי זי דאַרף זיך פירען.

האַרפּאַגאָן
יאָ, יאָ. איך וועל דיר זעהר דאַנקבאַר זיין. אודאי...

וואַלער
מען וואָלט באַדאַרפט זי האַלטען אַביסעל פעסטער אין דער צוים.

האַרפּאַגאָן
יאָ, יאָ, אודאי דאַרף מען עס...

וואַלער
איר קאָנט זיין גאַנץ רויג. איך גלויב, אַז איך וועל מיט איר האָבען אַ פעולה.

האַרפּאַגאָן
יאָ יאָ. זעה מאַכט... איך מוז איצט אַביסעל געהן אין שטאָט און כ'וועל באַלד זיין צוריק.

**וואַלער**

*רעדט כלומרשט צו עליזאַ'ן, אַוועקגעהענדיג דורך דער טיר, דורך וועלכע זי איז אַרויסגעגאַנגען.*

יאָ, געלט—דאָס איז דאָס טייערסטע פֿון אַלע זאַכֿען אויף דער וועלט, און איר דאַרפֿט דאַנקען גאָט, וואָס ער האָט אייך געגעבען אַזאַ אָרענטליכֿען מענשען פֿאַר אַ טאַטען. ער ווייסט, ווי אַזוי אַ מענש דאַרף לעבען. ווי באַלד עס געפֿינט זיך איינער, וואָס וויל נעמען אַ מעדעל אָהן נדן, דאַרף מען נישט מאַכֿען קיין שהיות. מיט די ווערטער „אָהן נדן" איז שוין אַלץ געזאָגט. דאָס באַשטעהט שוין געגען שענקייט, געגען יוגענט, געגען יחוס. געגען כּבוד, געגען חכמה, געגען אָרענטליכֿקייט—געגען אַלץ.

**האַרפּאַגאָן**

אַ, ס'אַראַ צאַצקע אַ בחור! ס'איז דאָך צו קושען די ווערטער. גליקליך איז דער, וואָס האָט ביי זיך אַזאַ דינער.

פֿ אָ ר ה אַ נ ג

# צווייטער אַקט.

## ערשטע סצענע.

קלעאַנט, לאַ פּלעש.

קלעאַנט

דו אויסוואורף איינער, וואו ביסטו עס פאַרפאַלען געוואָרען? האָב איך דיר דען נישט געהייסען ...

לאַ פלעש

יאָ, מיין הער, איך בין טאַקי געקומען מיט דער דעה צו שטעהן און וואַרטען דאָ אויף אייך, אָבער אייער פאָטער, דער אום־פריינדליכסטער מענש אויף דער וועלט, האָט מיך אַרויסגעטרי־בען. איך האָב שיער נישט געקריגען געשלאָגען.

קלעאַנט

ווי געהט עס מיט אונזער ענין? מען מוז זיך מיט איס צואיילען, וואָרום פאַר דער צייט, וואָס איך האָב דיך נישט געזעהן, האָב איך מיך דערוואוסט, אַז מיין אייגענער טאַטע איז מיין קאָנקו־רענט.

לאַ פלעש

אייער טאַטע—פאַרליבט ?

קליענט

יאָ, און ס׳איז מיר קוים מיט צרות געלונגען צו באַהאַלטען, ער זאָל נישט זעהן, ווי צעטומעלט איך בין געוואָרען פון דעם דזשויגען נייעס.

לאַפּלעש

ער פראַוועט גאָר ליבעס? וואָס האָט ער זיך, צו אַלדי גוטע יאָר, אַריינגענומען אין קאָפּ? סיידען ער מאַכט חוזק פון דער וועלט, ווי קומען בכלל אַזעלכע נפשות צו ליבע?

קליעאַנט

אויף מיין אומגליק האָט ער זיך עס געדאַרפט אַריינגעמען אין קאָפּ.

לאַפּלעש

אָבער צי וואָס זאָלט איר פאַר אים פון אייער ליבע מאַכען אַ סוד?

קליעאַנט

כדי ער זאָל געגען מיר האָבען אַ פאַרדאַכט און כדי עס זאָל מיר זיין לייכטער, ווען עס וועט נויטיג זיין נישט צו דערלאָזען זיין התונה. אָבער זאָג מיר, וואָס פאַר אַן׳ענטפער האָט מען דיר געגעבען?

לאַפּלעש

כ׳לעבען, ס׳איז נישט מקנא צו זיין איינעם, וואָס דאַרף לייען. אַז מען מוז, ווי איר איצט, אָנקומען צו דער טובה פון אַ אַ הורט-שינדער, מוז מען איסשטעהן אַלערליי מאוס׳ע זאַכען.

קליענט

וואָס איז? פון דעם געשעפט ווערט גאָרנישט?

לאַפּלעש

פאַרשטעהט איר מיך, דער מעקלער, וועלכען מען האָט אונז רע-

קלעצגט.

אָבער די פופצען טויזענט פראַנק, וואָס איך דאַרף, וועל איך באַקומען?

לאַפלעש

יאָ, אָבער מיט אַ קליינעם תּנאי, וועלכען איר וועט מוזען אָננע-מען, אויב איר ווילט, אַז די זאַך זאָל דורכגעפירט ווערען.

קלעאַנט

ער האט דיך צוזאַמענגעפירט מיט יענעם, וועלכער דאַרף לייען דאָס געלט?

לאַפלעש

וואָס פאַלט אייך איין! איר מיינט, אַז דאָס ווערט געמאַכט אַזוי פּשוט? ער אַליין וויל נאָך מער בלייבען אַ נסתּר, איידער איר. ווי איך זעה, ווייסט איר גאָרנישט, אַז אַזעלכע זאַכען ווערען געמאַכט בסוד סודות. דעם נאָמען זיינעם דאַרפט איר נישט ווי-סען. נאָך הייגט דאַרפט איר זיך צוזאַמענקומען מיט אים ערגעץ אין אַ פרעמדער וואוינונג און דאָרט וועט ער געוואויר ווערען פון אייך אַליין וועגען אייער פאַרמעגען, וועגען אייער משפּחה. ביי מיר איז קיין ספק נישט, אַז אייער פאָטער׳ס נאָמען אַליין וועט די זאַך לייכטער מאַכען.

קלעאַנט

און דער עיקר—מיין מוטער איז געשטאָרבען, בין איך דאָך דער יורש.

לאַפלעש

אָט האָט איר עטליכע פונקטען, וועלכע ער האָט אַליין דיקטירט דעם פאַרמיטלער, כּדי איר זאָלט זיי זעהן איידער עס ווערט עפּעס געטון: אָננעמענדיג, אַז דער מלוה זעהט פאַר זיך די נוי-טיגע גאַראַנטיעס; אַז דער לוה איז פול-יאָריג און געהערט צו אַ פאַמיליע, וואָס איר פאַרמעגען איז גרויס אָנגעזעהן, זיכער, קלאָר און פריי פון אַלערליי חובות, וועט געמאַכט ווערען אַ קלאָרער און אויספירליכער אָפּמאַך ביי אַ נאָטאַריוס. דער נאָטאַ-ריוס דאַרף זיין דער אָרענטליכסטער מענש, וואָס קאָן נאָר געבען. ער וועט אויסגעוועלט ווערען דורכ׳ן מלוה, פאַר וועלכען עס איז

ווער וויכטיג, אַז דער אָפּמאַך זאָל זיין אויסגעשטעלט ווי געהעריג!
קלעַאַנט
געגען דעם האָב איך גאָרנישט.
לאַ פלעש
„כדי צו האָבען אַ ריין געוויסען, פאָדערט דער מלוה פון דעם ל'וה פאַר זיין געלט בלויז איין דינאַר פון אַכטצען".
קלעאַנט
איין דינאַר פון אַכטצען! צו אַלדי גוטע יאָר, דאָס איז דאָך גאָר מיט חסדו מען קאָן געגען דעם גאָרנישט זאָגען.
לאַ פלעש
אַודאי אַזוי... „אָבער היות ווי דער מלוה האָט נישט ביי זיך די סומע, פון וועלכער עס האַנדעלט זיך, און היות ווי, כדי צופרידענצושטעלען דעם ל'וה, וועט ער, דער מלוה, אַליין מוזען מאַכען אַ הלואה פאַר איין דינאַר פון פינף, ווערט אָפּגעמאַכט, אַז דער ערשטער ל'וה דאַרף באַצאָלען דעם דאָזיגען פּראָצענט אויסער זיין אייגענעם פראָצענט, וואָרום אַרויפנעמענדיג אויף זיך אַ חוב, איז דאָך דער מלוה דערמיט אויסען בלויז דעם ל'וה'ס טובה".
קלעאַנט
ס'טייטש, נישט געדאַכט זאָל ער ווערען! ווער איז דאָס דאָ־ט אַזוינער, אַ יוד, צי אַ טערק? דאָס מאַכט דאָך אויס איין דינאַר פון פירן!
לאַ פלעש
נו, יאָ. איך האָב עס דאָך אייך געזאָגט: איר דאַרפט וועגען דעם זיך איבערלעגען.
קלעאַנט
וואָס זאָל איך מיר דאָ איבערלעגען. איך מוז דאָס געלט האָבען און דעריבער מוז איך איינגעהן אויף אַלץ.
לאַ פלעש
אַזאַ ענטפער האָב איך אים טאַקי געגעבען.
קלעאַנט
און ס'איז דאָ נאָך עפּעס?

לאַ פלעש

יאָ, בלויז איין קליינער פּונקט. „פון די פּופּצען פּרעזענט פראַנק, וועל-כע דער ל׳וה בעט, קאָן דער מלוה אים געבען מזומן געלט בלויז צוועלף טויזענט. וואָס אָנבאַלאַנגט די איבריגע דריי טוי-זענט, וועט דער ל׳וה זיי באַקומען אין כּלים, בגדים און אַנדערע טייערע חפצים, וועלכע זענען דאָ פאַרצייכנט אין דער רשימה, און וועלכער דער מלוה גיט אַוועק, אויף זיין ערען-וואָרט, פאַר די בּיליגסטע פּרייזען, וואָס זענען נאָר מעגליך.

קלעאַנט

וואָס זאָל דאָס באַדייטען?

לאַ פלעש

אָט וועל איך אייך לייענען די רשימה: „ערשטענס אַ בעט אויף פיר פיס מיט פּאַראַוואַנעס, זער שען געהאָפטענע אויף דראפּ פון אָליווען-פאַרב; דערצו ...עק... אַזעלכע שטולען און אַ קאַפּע פאַר׳ן בעט. דאָס אַלץ איז אָהן אַ שום סקאַ..., באַשלאָגען איז עס מיט זיי-דענער כאַפּט, וואָס פאַלט אַריין אין רויט און בלוי. אויסער דעם אַ באַלדאַכים פאַר׳ן בעט, אַ ראָזער, פון אַ גוטער וואָלענער שטאָף מיט זיידענע פרענז״.

קלעאַנט

וואָס, וויל ער, זאָל איך טון דערמיט?

לאַ פלעש

וואַרט נאָר. „דערנאָך אַ וואַנט-טעפּיך, אויף וועלכען ס׳איז אויס-געניית אַ ליבע-סצענע. ווייטער אַ גרויסער טיש פון נוס-האָלץ מיט צוועלף אויסגעבויגענע פיס. דער טיש ציט זיך פונאַנדער אין ביידע זייטען. צום טיש ווערט צוגעגעבען זעקס שטילכלעך״.

קלעאַנט

אויף וואָס דאַרף איך דאָס, צי אַלדי גוטע יאָר.

לאַ פלעש

האָט געדולד. „דערנאָך דריי גרויסע ביקסען, באַפּוצט מיט שפּיק-לעך פון פּעריל-קעפּ און צו זיי דריי אָנהאַלטער. ווייטער אַנ׳אויוועז פון ציגעל מיט פינף דעסטיליר-כּלים. פאַר אַמאַטאָר׳ען פון דעס-

טיליזאַציע איז דאָס זער גוטליך".

קלעאַנט

איך ווער. משוגע!

לאַ פלעש

פּאַמעליך. „דערנאָך אַ באָלאָניער צימבעל מיט אַלע סטרו־נעס, אָדער כמעט מיט אַלע. ווייטער אַ שפּיל־טיש מיט לעכער, אַ דאַמקע און אַ גריכיש גאַנז־שפּיל. זער גוטע זאַכען צו פאַר־טרייבען די צייט, ווען מ'האָט נישט קיין אַנדער אַרבעט. דער־נאָך אַ פעל פון אַ עקדיש, דריי מיט אַ האַלבען פוס די לענג, אָנגעשטאָפּט מיט היי. דאָס איז זער אַן אינטערעסאַנטע זאַך אויף אויפצוהענגען אין צימער. די אַלע אויסגערעכענטע זא־כען זענען אַ מציאה פיר טויזענט פינפהונדערט ליוור, אָבער דער מלוה איז אויס גוטסקייט מותר אויף דאָס זייניגע און לאָזט עס פאַר דריי טויזענט."

קלעאַנט

אַ שלאַק זאָל אים טרעפען צוזאַמען מיט זיין גוטסקייט, דעם אויסוואורף, דעם שינדער! האָט מען שוין אַמאָל געהערט פון אַזאַ מין וואוכערער? ער איז נאָך נישט צופרידען מיט'ן מורא'דיגען פּראָצענט, וואָס ער נעמט פון מיר, וויל ער מיך צווינגען, איך זאָל נעמען ביי אים די שמאַטעס, וואָס ער קלויבט צונויף. איך וועל דאָך פון דער גאַנצער קראָם נישט האָבען אפילו קיין צווייהונדערט רענדלעך. און דאָך מוז איך דערויף איינגעהן — אַ ברירה האָב איך? ער קען דאָך ביי מיר פועל'ן אַלץ, וואָרום ער שטעהט איבער מיר, דער מערדער, מיט אַ מעסער ביים האַלז.

לאַ פלעש

איך זעה, מיין הער, נעמט נישט פאַר אומגוט, אַז איר לאָזט זיך אויפ'ן זעלבען דרך, ווי יענער איינער מיטן נאָמען פאַנורג, וואָס פלעגט שטענדיג צאָלען פאָראויס, קויפען טייער, פאַרקוי־פען ביליג און סוף כל סוף לעגען די ציין אויף דער פּאָליצע.

קלעאַנט

טאָ וואָס זשע זאָל איך טון? אָט צו וואָס יונגעלייט ווערען דערפירט דורך דער קמצנות פון זייערע טאַטעס! און נאָך דעם אַלעם חדוש'ט מען זיך נאָך, וואָס זיי בעטען אויף זיי דעם טויט!

לאַ פלעש

מען מוז מודה זיין, אַז אייער פאָטער קאָן אַרויסבּרענגען פון די כּלים מיט זיין קמצנות אפילו דעם רויגסטען מענש אין דער וועלט. קיינער וועט מיך, אַדאַנק גאָט, נישט חושד זיין אין סימפּאַטיע צו דער תּליה. אַז איך זעה, ווי מיינע חברים נעמען זיך צו עפּעס אַ מיאוּעס שטיקעל אַרבּעט, בּין איך מיך שטענדיג נוהג אויסצומיידען אַלצדינג, וואָס קאָן שמעקען מיט'ן שטריקעל. אָבּער איך מוז אייך זאָגען דעם אמת, אַז מיט זיינע דרכים גיט ער מיר צו שטאַרק חשק אים צו באַ'גנבע'ענען, און מיר דאַכט, אַז איך וואָלט דערמיט אַ גרויסע מצוה געטון.

קלעאַנט

ווייז נאָר אַהער די מגילה. לאָמיר אין איר אַ קוק טון.

# צווייטע סצענע

## האַרפּאַגאָן, סימאָן, קלעאַנט, לאַ פלעש

(טיף אין דער סצענע)

סימאָן

יאָ, מיין הער, דאָס איז אַ יונגערמאַן, וואָס האָט נויטיג געלט; זיין לאַגע איז אַזאַ, אַז ער וועט איינגעהן אויף אַלץ, וואָס איר וועט נאָר פאַרלאַנגען.

האַרפּאַגאָן

אָבּער צי גלויבּט איר, סימאָן, אַז עס שטעקט נישט אין דעם קיין געפאַר? קענט איר מיר אפשר זאָגען, ווי ער הייסט, פון וואָס פאַר אַ משפּחה ער איז, וואָס ער פאַרמאָגט?

סימאָן

ניין, קיין גענויע ידיעות וועגען דעם קאָן איך אייך נישט גע-בען, וואָרום מען האָט מיך רעקאָמענדירט צו אים גאַנץ צופע-ליג. אָבער איר וועט קאָנען דערגעהן וועגען אַלץ טאַקי פון אים אַליין. זיין פאַרטרויאונגס-מאַן האָט מיך פאַרזיכערט, אַז ווען איר וועט זיך באַקענען מיט אים, וועט איר צופרידען זיין. איך קאָן אייך נאָר זאָגען אויף אַזויפיל, אַז זיין פאַמיליע איז זער אַ רייכע, קיין מוטער האָט ער נישט, און אויב איר ווילט דוקא, קאָן ער זיך מתחייב זיין, אַז זיין פאָטער זאָל שטאַרבען נישט שפּעטער, ווי אין אַכט חדשים אַרום.

האַרפּאַגאָן

המ... עפּעס זעהט עס אויס צו זיין נישט שלעכט... יאָ, סימאָן, די מענשליכקייט און דאָס רחמנות-געפיל פאָדערט דורכאויס, אַז מיר זאָלען טון צו מענשען אַ טובה, ווען מיר זענען נאָר ביכולת...

סימאָן

פאַרשטעהט זיך.

לאַ פלעש

שטיל צו קלעאַנט'ן, דערקענענדיג סימאָנ'ען

וואָס זאָל דאָס באַדייטען? דאָס איז דאָך סימאָן... ער רעדט מיט אייער פאָטער!

קלעאַנט

שטיל צו לאַ פלעש'ן

מסתמא האָט מען אים אונטערגעזאָגט, אַז דאָס בין איך. זאָג נאָר, צי האָסטו מיך נישט אַמאָל פאַראַטען?

סימאָן

צו קלעאַנט'ן און לאַ פלעש'ן

צַך, ווי מענשען האָבען עס קיין געדולד נישט! ווער האָט אייך דען געזאָגט, אַז דאָס איז דאָ? צו האַרפּאַגאָנ'ען גלויבט מיר, אַז נישט איך האָב זיי אויסגעזאָגט, ווער איר זענט און וואו איר וואוינט. אָבער בדיעבד איז עס קיין אומגליק נישט. דאָס זענען מענשען, אויף וועלכע מען קען זיך פאַרלאָזען און איר קאָנט גאַנץ רויג זיך דורכשמועסען דאָ.

האַרפּאַגאָן

וואָס הייסט?

סימאָן

(ווייזנדיק אויף קלעאַנט'ן)

דאָס איז טאַקי דער זעלבער, וועגן וועלכען איך האָב מיט אייך גערעדט. ער וויל ביי אייך לייען פופצען טויזענט ליוור.

האַרפּאַגאָן

סטייטש, דו באָד-יונג איינער! דו לאָזט זיך עס אַריין אין אַזעלכע דרכים!

קלעאַנט

סטייטש, טאַטע! דו לאָזט זיך עס אַריין אין אַזעלכע שענע גע-שעפטען! (סימאָן אַנטלויפט. לאַ פלעש לויפט זיך באַהאַלטען.)

## דריטע סצענע

### האַרפּאַגאַן, קלעאַנט

האַרפּאַגאָן

דאָס ווילסט דו, הייסט עס, מיך בדלות שטעלען מיט אַזעלכע הלואה'לעך!

קלעאַנט

און דאָס זוכסט דו, הייסט עס, נתעשר צו ווערען מיט אַזעל-כע שענע וואָכערלעך!

האַרפּאַגאָן

און דו האָסט נאָך די חוצפה זיך צו באַווייזען פאַר מיינע אויגען?

קלעאַנט

און דו, טאַטע, האָסט נאָך די העזה זיך צו באַווייזען פאַר דער וועלט?

האַרפּאַגאָן

זאָג מיר, ווי האָסטו עס קיין חרפּה נישט צו דערגעהן ביז אַזאַ מדרגה, זיך צושפּרייטען אין אַזעלכע מורא'דיגע הוצאות און

אַזוי מיאוּעס צו צעטאַכלעווען דאָס האָב און גוטס, וואָס דיינע עלטערן האָבען מיט אַזויפיל בלוט און שווייס געשאַפען?

קלעאַנט

און דו, טאַטע, זאָג מיר, ווי ווערסטו עס נישט רויט פאַר בושה זיך אַראָפּצולאָזען צו אַזעלכע געשעפטען; מקריב צו זיין דיין כבוד, דיין רעפּוטאַציע, אַבי נאָכצוגעבען דיין פרעסערישען אַפּעטיט צו זאַמלען אַ רענדל אויף אַ רענדל. דו האָסט דאָך מיט דיין וואוכערייַ אַריבערגעשטיגען אפילו די געמיינסטע שפּיצ-לעך, וועלכע די גרעסטע פּראָצענטניקעס האָבען ווען עס איז אויסגעטראַכט!

האַרפּאַגאָן

אַוועק פון מיינע אויגען, אויסוואורף! אַוועק פון מיינע אויגען!

קלעאַנט

ווער איז, טאַטע, לויט דיין מיינונג, אַ גרעסערער פאַרברעכער: צי דער, וואָס קויפט געלט, ווען ער נויטיגט זיך אין דעם, אָדער דער, וועלכער גנב׳עט געלט און האָט דערמיט נישט וואָס צו טון?

האַרפּאַגאָן

אַוועק פון דאַנען, זאָג איך דיר, ברעגג מיך נישט אַרויס פון די כלים! בלייבענדיג אַליין בדיעבד בין איך גאַנץ צופרידען, וואָס ס׳איז אַזוי געשעהן. איצט וועט דאָס שוין זיין פאַר מיר אַ לעצקיע צו האָבען אויפ׳ן אויג אַלע זיינע מעשים.

## פּירטע סצענע

### פראָזינע, האַרפּאַגאָן

פראָזינע

מיין הער...

האַרפּאַגאָן

וואַרט אַ ווײַלע, באַלד וועל איך מיט אייך רעדען. צו זיך לאָמיר נאָר געהן כאַפּען אַ קוק אויף מיין געלט...

## פיפטע סצענע

### לאַ פלעש, פראָזינע

**לאַ פלעש**

נישט זעהענדיג פראָזינע'ן

די מעשה געפעלט מיר, כ'לעבען. דער אַלטער מוז ערגעץ האָבען אַ היבשע קראָם מיט אַלטוואַרג, וואָרום דאָ זעה איך נישט קיין איין זאַך פון אַלץ, וואָס אין דער רשימה איז אויסגערעכענט.

**פראָזינע**

אַך, דאָס ביזטו, ליבער לאַ פלעש! ס'אַראַ באַגעגעניש!

**לאַ פלעש**

אַך, דאָס ביזטו, פראָזינע! וואָס טוסטו עפּעס דאָ?

**פראָזינע**

דאָסזעלבע, וואָס איך טו אומעטום: מען מעקלערט, מען זעהט צו זיין נוצליך פאַר מענשען און דרך אגב טאַקי פאַר זיך אויך. דו ווייסט דאָך, מסתמא, אַז אויף דער וועלט דאַרף מען זיין אַ בריה. אַזעלכע פאַרשוינען, ווי מיר, האָט דער רבונו של עולם נישט געגעבען קיין אַנדער פאַרמעגען אויסער אַ קאָפּ אויף די פּלייצעס.

**לאַ פלעש**

האָסט עפּעס אַ געשעפט צום אַלטען?

**פראָזינע**

יאָ, איך אונטערהאַנדעל מיט אים וועגען עפּעס אַ געשעפטעל. מסתמא וועל איך עפּעס האָבען דערפון.

**לאַ פלעש**

פון אים? אָהאָ, ווערסט, אויף מיין וואָרט, זיין אַ בריה, אויב דו וועסט פון אים עפּעס אַרויסקריגען. איך בין דיר אָבער מתרה, אַז דאָ, אין דעם הויז, איז געלט זער אַ טייערע זאַך.

**פראָזינע**

פאַראַן טובות, פאַר וועלכע מ'קען איז זער דאַנקבאַר.

לאַ פּלעש

איך בין גרייט דיר צו דינען. דו קאָנסט נאָך אָבער נישט דעם הער האַרפּאַגאָן. דער הער האַרפּאַגאָן איז פון אַלע מענשען דער אוממענשליכסטער מענש, פון אַלע שטערבליכע דער האַרטסטער און שאָרסטיגסטער שטערבליכער. עס איז אויף דער וועלט נישטאָ קיין טובה, וואָס זאָל ביי אים אַרויסרופען אַזאַ דאַנקבאַרקייט, אַז ער זאָל עפענען זיין טייסטער. שבחים, כבוד, זיסע ריידעלעך, פריינטשאַפט—וויפיל דיין האַרץ גלוסט; אָבער קומט עס צו געלט, איז אויס. עס איז נישטאָ קיין מיאוּסערע און עקעלהאַפטערע זאַך, ווי זיינע חנ׳דלעך און גוטע ווערטלעך. דער מענש האָט פיינט שנאת-מות דאָס וואָרט „געבען“; אויף אַזוי ווייט, אַז אָנשטאָט צו זאָגען: „איך גיב אייך מזל-טוב“, איז ביי מיר רעכט, אַז ער זאָל זאָגען: „איך ליי אייך אַ מזל-טוב.“

פראָזינע

ניש׳קשה, איך ווייס ווי צו מעלקען מענשען, איך קען די מלאכה, ווי אַזוי זיי וויך צו מאַכען, אַ קיצעל צו טון זייערע הערצער און געפונען דאָס אמת׳ע אָרט, וואָס מען באַדאַרף.

לאַ פלעש

אַ נעכטיגער טאָג! אדרבה, פּרוב נאָר אים וויך מאַכען, ווען עס געהט אין געלט. דער חברה-מאַן איז האַרט, ווי אַ שטיין, אָבער אַזוי האַרט, אַז מען קאָן משוגע ווערען. מעגסט אפילו פּלאַצען פאַר זיינע אויגען, וועט ער פון אָרט זיך נישט רירען. קורץ און גוט, ער האָט ליב געלט, מער ווי זיין נאָמען, ווי זיין כבוד, ווי אַלץ אויף דער וועלט. ס׳איז גענוג, אַז ער זאָל דערזעהן, אַז עמיצער קומט ביי אים בעטען געלט—הויבט אים שוין אָן צו וואַרפען אין קדחת. דאָס אַליין איז שוין פאַר אים אַ טויט-קלאַפּ, אַ ריס אין האַרצען, אַ בראָך אין די ביינער; און אויב... אָבער אָט קומט ער טאַקי, איך אַנטלויף.

# זעקסטע סצענע

## האַרפּאַגאָן, פראָזינע

**האַרפּאַגאָן**

(צו זיך)

אַלץ איז אין אָרדנונג. (הויך) נו, פראָזינע, וואָס ווערסטו עפּעס זאָגן גוטס?

**פראָזינע**

אָ, קיין עין הרע, קיין עין הרע זאָל איך נישט שאָדען, ווי גוט איר זעהט אויס, ווי לעבעדיג, ווי מונטער!

**האַרפּאַגאָן**

ווער, איך?

**פראָזינע**

איך האָב נאָך קיינמאָל נישט געזעהן ביי איך אַזאַ פריש, פאַר-[illegible], אַזאַ לעבעדיג אויסזעהן.

**האַרפּאַגאָן**

מיט אַן אמת?

**פראָזינע**

וואָס הייסט? איר האָט נאָך קיינמאָל נישט אויסגעזעהן אַזוי יונג, ווי איצט. איך קען יונגעלייט פון פינפאונצוואַנציג יאָר, וועלכע זעהען אויס עלטער פאַר איך.

**האַרפּאַגאָן**

אָבער פראָזינע, איך בין דאָך שוין אַריבער זעכציג.

**פראָזינע**

נו, איז וואָס? ווייס איך וואָס איר רעדט! דאָס איז דאָך די בעסטע יאָרען, איר געהט דאָך איצט אַריין אין דעם אמת-שע-נעם עלטער פאַר אַ מאַנסביל.

**האַרפּאַגאָן**

יאָ, ס'איז אַזוי. אָבער ס'וואָלט פונדעסטוועגען, דאַכט זיך, נישט געשאַדט, ווען איך וואָלט איצט יונגער געווען מיט אַ יאָר צוואָנציג.

פראָזינע

איר מאַכט׳ סיידען חוזק! איר דאַרפט עס נישט האָבּן, איר זענט פון די, וואָס לעבען ביז הונדערט יאָר.

האַרפּאַגאָן

דו מיינסט אַזוי?

פראָזינע

אודאי. איך זעה אין אייך אַלע סמנים דערצו. וואַרט, שטעהט נאָר אַ ווייל. נו, יאָ, אודאי אַזוי! אָט האָט איר צווישען די אויגען אַ צייכען אויף אריכת ימים.

האַרפּאַגאָן

האָסט אַ ידיעה אין אַזעלכע זאַכען?

פראָזינע

כ׳מיין, עפּעס. ווייזט נאָר אַהער אייער האַנט... אָ, גאָטעניו! וואָס פאַר אַ קנייטש אויף לאַנג לעבען!

האַרפּאַגאָן

וואָס הייסט?

פראָזינע

איר זעהט דען נישט, ווי לאַנג אָט דער קנייטש ציט זיך?

האַרפּאַגאָן

איז וואָס? וואָס איז דערפון געדרונגען?

פראָזינע

ווי איר זעהט מיך אַ לעבעדיגע! וואָס זאָג איך – הונדערט? איר וועט דאָך אַריבערכאַפּען הונדערט צוואָנציג!

האַרפּאַגאָן

איז דאָס מעגליך?

פראָזינע

סיידען עמיצער וועט אייך מיט גוואַלט פּאַרטיג מאַכען, איר הערט, וואָס איך זאָג אייך? איר וועט נאָך באַגראָבען אייערע קינדער און אייערע קינדס קינדער!

האַרפּאַגאָן

מילא, אַ דאַנק גאָט! וואָס הערט זיך עפּעס מיט אונזער ענין?

פראַזינע

איר דאַרפט נאָך פרעגען? האָט שוין עמיצער אַמאָל געזעהן, אַז איך זאָל מיך נעמען פאַר אַ זאַך און נישט דערפירען זי ביז צום סוף? איבערהויפט ווען עס האַנדעלט זיך וועגען אַ שדוך, בין איך ברוך השם אַ בריה. עס איז אין דער וועלט נישטאָ דער שדוך, וואָס איך זאָל נישט קאָנען אויספירען, און טאַקי איינס און צוויי. מיר דאַכט, אַז ווען איך וואָלט געוואָלט, וואָלט איך געקאָנט משדך זיין אפילו דעם טערקישען סולטאַן מיט דער ווענעדישער רעפובליק. אונזער ענין איז מיר, דעם אמת געזאָגט, נישט אָנגעקומען אַזוי שווער. אַזוי ווי איך בין ביי זיי אַן איינגעהעריגע, האָב איך זיי ביידען דערצעלט וועגען אייך און דערנאָך האָב איך דער מוטער באַזונדער דערצעלט וועגען אייערע פּלענער מכח מאַריאַנע׳ן, נאָכדעם ווי איך האָב זי געזעהן שפּאַצירען אין גאַס, אָדער שטעהן ביים פענסטער.

האַרפּאַגאָן

און וואָס איז דער ענטפער?

פראַזינע

זי האָט מיט שמחה אָנגענומען דעם פאָרשלאַג. ווען איך האָב זי געבעטען אין אייער נאָמען, אַז איר טאָכטער זאָל היינט אָוונט זיין אויף אייער טאָכטערס תנאים, האָט זי באַלד מסכים געווען און האָט מיר געהייסען דאָס אייך זאָגען.

האַרפּאַגאָן

פאַרשטעהסטו מיך, פראַזינע, היינט אָוונט מוז איך דאָך מכבד זיין מיט אַ סאָלציית דעם הער אַנסעלם, וואָלט איך געוואָלט, אַז זי זאָל שוין אויך זיין פאַר איינס.

פראַזינע

איר זענט גאַנץ גערעכט. פריילין מאַריאַנע וויל נאָך מיטאָג קומען מיט אַ וויזיט צו אייער טאָכטער. פון דאַנען רעכענט זי זיך אַרויסצולאָזען אויפ׳ן מאַרק און דערנאָך ערשט קומען צום אָוונטסברויט.

האַרפּאַגאָן

גאַנץ גוט. זאָלען זיי פאָרען צוזאַמען. איך וועל זיי לייען מיין

קאַרעטע.

פּראָזינע

אָט אַזוי וועט סאַקי זיין אויסגעצייכענט.

האַרפּאַגאָן

אָבער, פּראָזינע, דו האָסט גערעדט מיט דער מוטער וועגען דעם נדן, וואָס זי קאָן געבען דער טאָכטער? האָסט איר געזאָגט, אַז זי וואָלט באַדאַרפט ווי עס איז געפונען אַ מיטע/, אַ ביסעל זיך אָנשטרענגען, אַז ביי אַזאַ געלעגענהייט לוינט עס צו טון עפּעס איבער די כחות? וואָרום ווער האָט עס חתונה מיט אַ מיידעל, וואָס האָט גאָרנישט?

פּראָזינע

וואָס רעדט איר עפּעס, געזונט זאָלט איר זיין! דאָס מיידעל ברענגט דאָך אייך אַ רענטע פון צוועלף טויזענט ליוור.

האַרפּאַגאָן

אַ רענטע פון צוועלף טויזענט ליוור?

פּראָזינע

אַזוי ווי איר הערט. קודם כל האָט מען זי פון קינדוויי׳ן אָן איינגעוואוינט צו זיין שפּאָרזאַם מיט׳ן עסען. דאָס איז אַ מיידעל, וואָס באַנוגענט זיך צו לעבען מיט סאַלאַט, מילך, קעז, עפּעל און דעריבער וועט מען פאַר איר נישט דאַרפען דערלייען צום טיש רייכע מאכלים, דעסערטען און בכלל אַלערליי דזשאַטעסען, אויף וועלכע ווייבער זענען בעלנים. און דאָס איז נישט קיין קלייניקייט, וואָרום דאָס מאַכט אויס וועניגסטענס אַ קימא לן פון דריי טויזענט פראַנק אַ יאָר. אויסערדעם איז זי זער אַ באַשיידענע: טוט זיך אָן איינפאַך, האָט נישט קיין גוסט צו טייערע קליידער, צו ביזשוטעריע, צו גרויסאַרטיג מעבעל און צו נאָך אַזעלכע זאַכען, וואָס אַנדערע ווייבער זענען דערצו אָפּגעגעבען מיט לייב און לעבען. און דאָס באַטרעפט העכער פיר טויזענט ליוור אַ יאָר. ווייטער האָט זי פיינט תכלית שנאה דאָס שפּילען, וואָס מען קאָן נישט זאָגען וועגען אַלע אַנדערע היינטיגע ווייבער. איך קען איינע אַ פרוי נישט ווייט פון אייער גאַס, וועלכע האָט דאָס יאָר פאַרלוירען אין „טראַנט

ע קאַראַנט" צוואַנציג טויזענט פראַנק. אָבער לאָמיר אפילו נע-
מען אַ פירטעל דערפון. פינף טויזענט פראַנק אַ יאָר אַראָפּ פון
שפּילען, פיר טויזענט פון קליידער און ביזשוטעריע, האָבען
מיר ניין טויזענט, ווײַמער דריי טויזענט פון עסען—אָט האָט
איר אייערע צוועלף טויזענט פראַנק געבונדען. נישט אַזוי?

האַרפּאַגאָן.

אָ, דאָס איז נישט שלעכט, אָבער דער חשבון איז עפּעס אַ
לופטיגער, ער האָט נישט קיין ממשות.

פראָזינע.

זייט מוחל. צי איז דאָס נישט קיין ממשות׳דיגע זאַך, ווען מען
ברענגט אייך אַריין אַלס נדן באַשיידענקייט, ווען מען גיט אייך
איבער אַ ירושה פון ליבע צו איינפאַכקייט און ווען מען דער-
לאַנגט אייך אַזאַ קאַפּיטאַל, ווי פיינט האָבען אַלערליי קאָרטען-
שפּילען?

האַרפּאַגאָן.

דאָס איז נישט מער, ווי אַ חוזק, ווען מען גיט מיר אָפּ אין
נדן די אַלע הוצאות, וואָס זי וועט נישט מאַכען. איך וועל
דאָך נישט געהן קוויטירען זאַכען, וועלכע איך באַקום נישט.
איך מוז עפּעס האָבען במזומן.

פראָזינע.

גאָטעניו פאָטער! איר וועט באַקומען גאַנץ גענוג. זיי האָבען
מיר געזאָגט וועגען עפּעס אַ געגענד, וואו זיי האָבען אַ נחלה
און איר וועט ווערען דער בעל-הבית פון דערדאָזיגער נחלה.

האַרפּאַגאָן.

דאָס, זעהסטו, איז עפּעס אַנדערש. דאָס וועט מען דאַרפען אַ
קוק טון. אָבער איך, פראָזינע, האָב מורא פאַר נאָך עפּעס.
דאָס מיידעל איז, ווי דו זעהסט, יונג, און יונגע מענשען האָ-
בען אַ טבע ליב צו האָבען נאָר יונגע און נאָר מיט יונגע זיך
צו חבר׳ן. האָב איך מאַקי מורא, אַז אַ מענש פון מיין עלטער
וועט איר נישט זיין צום האַרצען, און דאָס קאָן ברענגען צו
אַלערליי געשיכטעס, וועלכע וועלען מיר לגמרי נישט געפעלען.

פראָזינע

מען זעהט באַלד, אַז איר קענט זי נישט. איך האָב אייך טאַ-קי געוואָלט זאָגען וועגען נאָך אַן אייגענשאַפט, וואָס זי האָט: תּכלית-שנאה האָט זי פיינט אַלע יונגעלייט און ליב האָבען קאָן זי דוקא אַלטע.

האַרפּאַגאָן

וואָס איר זאָגט!

פראָזינע

יאָ, יאָ, וואָס איר הערט. איך וואָלט טאַקי געוואָלט אז'ר זאָלט הערען, וואָס זי אַליין זאָגט וועגען דעם. אָנקוקען קאָן זי נישט, זאָגט זי, קיין יונגעלייט. דערפאַר האָט זי נישט קיין גרעסערן פאַרגעניגען, ווי אָנצוקוקען אַן אַלטען מאַן מיט אַ מאַיעסטעטישער באָרד. און וואָס עלטער עמיצער איז, אַלץ מער געפעלט ער איר. און דערפאַר בין איך אייך טאַקי מתרה, איר זאָלט זיך פאַר איר נישט אַרויסגעבען יונגער, ווי איר זענט. זי וויל, מען זאָל אַלט זיין לכל הפחות זעכציג יאָר. ערשט מיט פיר חדשים צוריק האָט זי אָפּגעלאָזט אַ גוטען שדוך בלויז דער-פאַר, ווייל דער חתן איז אַלט געווען סך-הכל פיר און פופציג יאָר און ווייל בעת ער האָט באַדאַרפט אונטערשרייבען די תנאים, האָט ער נישט באַנוצט קיין ברילען.

האַרפּאַגאָן

בלויז דערפאַר?

פראָזינע

יאָ, יאָ, זי זאָגט, אַז פאַר איר איז פיר און פופציג יאָר גאָר-נישט און באַזונדערס האָט זי ליב נעזער, וואָס טראָגען ברילען.

האַרפּאַגאָן

עפּעס דערצעלסטו מיר טאַקי מאָדנע זאַכען.

פראָזינע

איך וואָלט אייך נאָך געקאָנט דערצעהלען און דערצעלען ווע-גען דעם. ביי איר אין צימער הענגען עטליכע בילדער און גראַווירען. װאָס, אַ שטייגער, מיינט איר, זענען עס פאַר אַ בילדער? אַדאָניס, סעפאַל, פאַריס, אַפּאָלאָן? ס'הויבט זיך נישט

אָן אפילו. דאָס זענען שענע פּאָרטרעטען פון סאַטורן, פון קעניג פּריאַם, פון אַלטען נעסטאָר, פון דעם בּכבוד׳יגען אַנ-כיזעס, ווי אַזוי ער ווערט געטראָגען דורך זיין זוהן אויף די פּלייצעס.

**האַרפּאַגאָן**

דאָס איז אויסגעצייכענט! כ׳וואָלט עס באמת קיינמאָל נישט גע-גלויבּט, און איך בּין גאַנץ צופרידען, וואָס זי איז אַזאַ סאָרט מענש. און אין דער אמת׳ן גערעדט, ווען איך וואָלט געוועזן אַ פרוי, וואָלט איך טאַקי אויך נישט ליב געהאַט קיין יונגעליים.

**פראָזינע**

כ׳מיין עפּעס, וואָס דען? נאַ דיר גאָר נאָך אַ מציאה, די יונגע פראַנטלעך, וואָס מען דאַרף זיי די נאָז אָפּווישען. טאָמער ווייסט איר, ווען מען יאָגט זיך דאָ!

**האַרפּאַגאָן**

איך פּאַרשטעה עס טאַקי אויך נישט. איך בּאַגרייף נישט, ווי אַזוי עס געפונען זיך פרויען, וואָס וואַרפען זיך אויף אַזעלכע.

**פראָזינע**

מען דאַרף זיין דערצו קאָמפּלעט משוגע. ווארום ווי קאָן מען, איך בּעט אייך, האָבּען אַ געזונטען קאָפּ און ליבּ האָבּען אָט דידאָזיגע צוציקלעך? ווי קאָן מען זיך עס צובינדען צו אַזעל-ע נפשות?

**האַרפּאַגאָן**

מיינע ווערטער! אָט דאָס טענה איך דאָך שטענדיג: די זעהען דאָך אויס ווי אויסגעווייקטע הענדעלעך. דריי הערעלעך אונטער דער נאָז, ווי בּיי אַ קאַץ, פּאַרוקען—ווי קאָלטענס פון פלאַקס, די הייזעלעך געקנייטשט און געקאַשערט, שיער נישט מיט׳ן פּו-פּיק אויף דרויסען!...

**פראָזינע**

וואָס פאַר אַ פּנים עס האָט לגבי אַזאַ פּאַרשוין, ווי איר. אָט אַזוי פּאַרשטעה איך, אָט דאָס איז אַ מאַנסביל! ס׳איז דאָ אויף וועמען צו קוקען! און אַזוי דאַרף מען טאַקי זיין אָנגעטון, כּדי צו רויסצורופען ליבּע.

הארפּאַגאָן

דו געפינסט באמת איין, אַז איך בין שען?

פּראָזינע

וואָס הייסט! ס׳איז דאָך פּשוט אַנטציקט צו ווערען פון אייך! אַ בילד צו מאַכען, ווי איר זעהט מיך אַ לעבעדיגע! גיט זיך נאָר אַ דרעה אַ ביסעל, זייט מוחל. בעסער דאַרף מען שוין נישט! שטעלט נאָר עטליכע טריט... אַך, וואָס פאַר אַן אָפּגע-טאָקטע פיגור! ווי פריי און ווי לייכט! מען זעהט באַלד, אַז איר ליידט אויף קיין זאַך נישט.

הארפּאַגאָן

אַדאַנק דעם אויבערשטען, כ׳האָב טאַקי נישט זיך צו באַקלאָגען אויף ערנסטע זאַכען. בלויז מיין אַסטמע טוט מיך אַ נעם פון צייט צו צייט.

פּראָזינע

דאָס מאַכט נישט אויס. פאַרקערט, די אַסטמע קליידט אייך נישט שלעכט. בעת איר הוסט, האָט איר עפּעס גאָר אַ באַזונדערן חן.

הארפּאַגאָן

זאָג מיר נאָר, כ׳בעט דיך: מאַריאַנע האָט מיך נאָך גאָר נישט געזעהן? אפשר האָט זי מיך אַמאָל באַמערקט פאַרבייגעהענדיג?

פּראָזינע

ניין, אָבער מיר האָבען זער פיל גערעדט פון אייך. איך האָב איר אָפּגעשילדערט, ווי איר זעהט אויס; איך האָב איר דער-צעלט וועגען אייערע מעלות און איר ערקלערט, ווי גליקליך זי וועט זיין ביי אַזאַ מאַן, ווי איר.

הארפּאַגאָן

דו האָסט גאַנץ גוט געטון, איך דאַנק דיר זער.

פּראָזינע

יאָ, כ׳האָב געוואָלט אייך בעטען עפּעס מכח אַ קלייניקייט. איך האָב אַ פּראָצעס, וועלכען איך וועל מסתמא פאַרשפּילען, און נאָר דערפאַר, ווייל עס פעלט מיר אַ ביסעל געלט הארפּאַגאָנס פּנים ווערט ערנסט. איר וואָלט געקענט זער לייכט מאַכען, איך זאָל דעם פּראָצעס געווינען, ווען איר וואָלט געוואָלט אַזוי פריינטלין...

איר קאָנט זיך גאָרנישט פאָרשטעלען, וואָס פאַר אַ פאַרגעניגען ד׳ וועט האָבען, ווען זי וועט אייך דערזעהן. הארפאגאָן װערט צוריק הײמליך. וואָס פאַר אַן אויסגעצייכענטע איינדרוק עס וועלען מאַ־כען אויף איר אָט דידאָזיגע קרעצעלעך! אָבער קודם כל וועט זי אַנטציקט ווערען פון אייערע הויזען, ווי זיי זענען צוגעבונ־דען צום קאָפּטעל מיט ספּראַנזשקעס. זי וועט דאָך פּשוט משוגע ווערען פאַר אייך. אַ חתן מיט אַזעלכע ספּראַנזשקעס—דאָס וועט באמת זיין פאַר איר אַן עולם ומלואו!

הארפּאַגאָן

ס׳איז מיר באמת אַ נחת צו הערען פון דיר אַזעלכע ווערטער.

פּראָזינע

יאָ. מכח׳ן פּראָצעס. ער׳ איז פאַר מיר געוואַלדיג וויכטיג. אויב איך פאַרשפּיל אים, בין איך אַ פאַרלוירענע. הארפאגאָן װערט װידער ערנסט. מיט אַ קליינער שטיצע וואָלט איך מיך געקאָנט שטעלען אויף די פיס... איך וואָלט אייך געוואונשען צו זעהן, מיט וואָס פאַר אַ שמחה זי האָט מיך אויסגעהערט, ווען איך האָב גערעדט פון אייך. הארפאגאָן װערט װידערצמאָל פרעהליך. אירע אויגען האָבען געגלאַנצט פון פרייד, ווען איך האָב איר געשילדערט אייערע מעלות. איך האָב זי געבראַכט דערצו, אַז זי קאָן זיך שוין נישט דערוואַרטען, דער שדוך זאָל וואָס גיכער אויסגעפירט ווערען.

הארפּאַגאָן

האָסט מיר אַ גרויסע טובה געטון, פּראָזינע, און איך בין דיר באמת דאַנקבאַר פון גאַנצען האַרצען.

פּראָזינע

איך בעט אייך, זאָגט מיר נישט אָפּ אין דער קליינער שטיצע. הארפאַגאָן װערט צוריק ערנסט. דאָס וועט מיך שטעלען אויף די פיס און איך וועל אייך אייביג דאַנקבאַר זיין.

הארפּאַגאָן

נו, האָב מיר אַ גוטען. איך מוז געהן ענדיגען שרייבען מיינע בריף.

פראַזינע

איך גיב איך מיין וואָרט, אַז קיין גרעסערע טובה קאָן שוין גאָרנישט זיין אין אַ נויט...

האַרפּאַגאָן

איך וועל הייסען, אַז מיין קאַרעטע זאָל זיין אָנגעגרייט פאַר איך צו פאָרען אויפ'ן מאַרק.

פראַזינע

איר מעגט מיר גלויבען, איך וואָלט איך נישט געדרעהט אַ מח, ווען נישט די נויט...

האַרפּאַגאָן

און אגב וועל איך שוין זעהן, אַז מען זאָל געבען דאָט אָוועגטברויט אַ ביסעל פריער, איר זאָלט נישט דאַרפען הונגערן.

פראַזינע

זאָגט מיר נישט אָפּ אַזאַ קליינע טובה... איר קאָנט זיך גאָר-נישט פאָרשטעלען, וואָס פאַר אַ פאַרגעניגען...

האַרפּאַגאָן

נו, איך געה. אָט רופט מען מיך טאַקי. האָב מיר אַ גוטען.

פראַזינע

עס וועט דיך שוין ביי מיר וואַרפען אַ קדחת, צו אַלדע שוואַר-צע יאָרן! די אויערן האָט ער פאַרשטאָפּט, דער נבזיק! אָבער דאָס געשעפטעל דאַרף מען נישט אָפּלאָזען. ס'איז פאַראַן נאָך אַ זייט, פון וואַנען זיך צו נעמען, און פון דאָרטען וועל איך שוין זיכער האָבען מיין לוין.

פאָרהאַנג

# דריטער אַקט.

## ערשטע סצענע

הארפאַגאָן, קלעאַנט, עליזאַ, וואַלער, פרוי קלאָד מיט אַ בעזים אין האַנט, זשאַק, ברענדאַוואַזאַן, לאַ מערלוש

**האַרפאַגאָן**

קומט אַלע אַהער, לאָמיך יעדען פון אייך זאָגען, וואָס ער האָט צו טון. נענטער אַהער. פרוי קלאָד, מיר'ן אָנהויבען פון אייך. זי האַלט אַ בעזים. גוט אַזוי, איר שטעהט שוין, הייסט עס, מיט'ן געווער אין האַנט. איר וועט מוחל זיין אומעטום ריין מאַכען און דער עיקר—זייט פאָרזיכטיג, נישט צו רייבען צו-שטאַרק די מעבעל, וואָרום דערמיט מאַכט מען אַ תל פון זיי. אויסער-דעם דאַרפט איר בעת'ן מאָלצייט אַכטונג געבען אויף די פלע-שער, און טאָמער וועט פאַרפאַלען ווערען אַ פלאַש, זאָלט איר וויסען זיין, אַז איך וועל אייך דערפאַר אַראָפרעכענען פון אייער שכירות.

**זשאַק**

צו זיך

אַ גאַנץ פראַקטישע שטראָף.

**האַרפאַגאָן**

צו פרוי קלאָד

נו, איר קאָנט שוין געהן.

## צווייטע סצענע

### האַרפּאַגאָן, קלעאַנט, עליזאַ, וואַלער, זשאַק, בּרענדאַוואַאַן, לאַ מערלוש

האַרפּאַגאָן

איר בּיידע, בּרענדאַוואַאַן און לאַ מערלוש, וועט דאַרפען וואַשען די גלעזער און דערלאַנגען צום טרינקען, אָבער נאָר דאַן, ווען עמיצער וועט וועלען אַ טרינק, און נישט, ווי אַנדערע געמיינע לאַקעיען טוען עס, סתם צערייצען דעם עולם און דערלאַנגען צום טרינקען דאַן, ווען קיינער טראַכט אפילו נישט וועגען דעם. איר דאַרפט וואַרטען בּיז מען וועט אייך בּעטען און טאַקי נישט בּלויז איינמאָל. דערבּיי דאַרפט איר אָבער אויך נישט פאַרגעסען צוצוגיסען אַ סך וואַסער.

זשאַק

צו זיך

יאָ, וואָרום פון ריינעם וויין ווערט מען שכור.

לאַ מערלוש

די פאַרטוכער זאָלען מיר אויסטון?

האַרפּאַגאָן

יאָ, ווען איר וועט זעהן, אַז די געסט הויבּען-אָן צו קומען. אָבּער איר זאָלט זיין פאָרזיכטיג און שאַנעווען אייערע קליידער.

בּרענדאַוואַאַן

איר ווייסט דאָך, מיין העַר, אַז אויף מיין ראָק איז פון פאָרענט דאָ אַ גרויסער פלעק פון אייל פון לאָמפּ.

לאַ מערלוש

און בּיי מיר אין די הויזען זענען פון הינטען אויסגעריבּען גרויסע לעכער און מען זעהט אַרויס, נעבּיך נישט פאַר אומגוט...

האַרפּאַגאַן

צו לאַ מערלוש'ן

שטיל זאָל זיין! האַלט דאָס די גאַנצע צייט צו דער וואַנט צו,

**דער** עולם זאָל זעהן נאָך דעם פּאָרענט צו ברענגען, חייזענדיג אים, ווי אַזוי צו האַלטען זיין הוט פון פּאָרענט און פאַרשטעלען מיט אים דעם מילעך.
און דו ווייסט די גאַנצע צייט, וואָס דו ווייסט באַדינען, האַל-טען דיין הוט אָט אַזוי.

## דריטע סצענע

### האַרפּאַגאָן, קלעאַנט, עליזאַ, וואַלער, זשאַק

האַרפּאַגאָן
און דו, מיין טאָכטער, זאָלסט אַכטונג געבען ווען מען וועט אַראָפּנעמען פון טיש, אַז קיין זאַך זאָל נישט געהן לאיבוד: אַזאַ אויפגאַבע פּאַסט טאַקי פאַר אַ יונג מיידעל. אָבער זאָלסט אויך נישט פאַרגעסען אויפצונעמען ווי געהעריג מיין כלה, וועלכע דאַרף קומען צו דיר און דערנאָך מיטנעמען זי אויפ'ן מאַרק. פאַרשטעהסט, וואָס איך זאָג?
עליזאַ
יאָ, טאַטע.

## פירטע סצענע

### האַרפּאַגאָן, קלעאַנט, וואַלער, זשאַק

האַרפּאַגאָן
און דיר, תכשיט מיינער, בין איך מוחל דיינע פריערדיגע עוולות, אָבער עס זאָל דיר אפילו אויפ'ן געדאַנק נישט אַרויס-קומען צו מאַכען איר אַ קרומע מינע, דו הערסט?
קלעאַנט
איך, טאַטע, אַ קרומע מינע! פאַרוואָס עפּעס?
האַרפּאַגאָן
יאָ, יאָ, כ'מיין עפּעס. מיר ווייסען שוין גאַנץ גוט, וואָס עס טראַכטען קינדער, ווען זייערע טאַטעס האָבען חתונה, און מיט

וואָס פאַר אַ אויגען זיי קוקען אויף אַ שטיף-מוטער, אָבער אויב דו ווילסט איך זאָל אינגאַנצען פאַרגעסען דיינע לעצטע שטיק-לעך, זאָלסטו זעהן קודם-כל זיין פריינדליך צו דערדאָזיגער פערזאָן און מאַכען איר די שענסטע אויפנאַמע, וואָס קאָן נאָר זיין.

קלעאַנט

דעם אמת גערעדט, טאַטע, בין איך גאָרנישט צופרידען דערפון, וואָס זי ווערט מיין שטיף-מוטער. איך וואָלט אַ ליגנער געווען, ווען איך וואָלט דיר אַנדערש געזאָגט. אָבער וואָס אָנבאַלאַנגט צו מאַכען איר אַ גוטע אויפנאַמע און צו זיין פריינדליך צו איר, זאָג איך דיר צו, אַז אין דעם פרט וועל איך דיר איי-ביג זיין געהאָרכזאַם.

האַרפּאַגאָן

טאָ געדענק זשע!

קלעאַנט

ווערסט זעהן, אַז דו וועסט נישט האָבען זיך וואָס צו באַקלאָגען.

האַרפּאַגאָן

עס אַזוי וועסטו טון זער קלוג.

## פינפטע סצענע

### האַרפּאַגאָן, וואַלער, זשאַק

האַרפּאַגאָן

העלף מיר אַ ביסעל צו, וואַלער, אין דער אַרבעט. אַהאַ, זשאַק, קום נאָר אַהער נענטער. דיך האָב איך איבערגעלאָזט אויף צום לעצטען.

זשאַק

צו וועמען, אייגענטליך, ווילט איר רעדען: צו אייער קוטשער, אָדער צו אייער קוכער? וואָרום איך בין, ווי איר קוקט מיך אָן, אי דער קוטשער, אי דער קוכער.

האַרפּאַגאָן

צו ביידען וויל איך רעדען.

זשאַק

אָבער צו וועמען פריער?

האַרפּאַגאָן

צום קוכער.

זשאַק

אויב אַזוי, טאָ זייט מוחל און וואַרט אַ ווײַלינקע. זשאַק טוט אויס זײַן פורמאַנישען הוט און באַווייזט זיך אָנגעטון ווי אַ קוכער.

האַרפּאַגאָן

וואָס איז דאָ פאַר אַ צערעמאָניעס, צו אַלדע גוטע יאָר!

זשאַק

איצט קאָנט איר רעדען.

האַרפּאַגאָן

זשאַק, איך האָב צוגעזאָגט צו מאַכען היינט אָוונט אַ סעודה.

זשאַק

צו זיך

אַ בער איז גע׳פגר׳ט אין וואַלד.

האַרפּאַגאָן

זאָג מיר נאָר: וועסט קאָנען מאַכען עפּעס אַ מאָלצייט, ווי געהעריג?

זשאַק

יאָ, פאַרוואָס נישט? גיט נאָר געלט, וויפיל מען דאַרף.

האַרפּאַגאָן

צו אַלדע שוואַרצע יאָר! תמיד געלט! זיי קאָנען, דאַכט זיך, קיין אַנדער זאַך נישט זאָגען, ווי לויטער: געלט, געלט, געלט! מער ווי דאָס האָבען זיי נישט אין מויל: געלט, רק געלט! דער-מיט לעגען זיי זיך און דערמיט שטעהען זיי אויף: געלט און געלט!

וואַלער

איך האָב נאָך קיינמאָל אַזאַ געמיינעם ענטפער נישט געהערט. ס׳איז אַ שענע קונץ, כ׳לעבען, צו מאַכען אַ גוטען מאָלצייט פאַר אַ סך געלט. ס׳איז דאָך נישטאָ קיין לייכטערע זאַך אין דער וועלט און דער גרעסטער טפש וואָלט עס געקאָנט טון. ווען

מ׳וויל ווייזען, אַז מ׳א׳ז אַ בריה, דאַרף מען קענען מאַכען אַ גוטען מאָלצייט מיט ווייניג געלט.

**זשאַק**

אַ גוטען מאָלצייט מיט ווייניג געלט?

**וואַלער**

יאָ, יאָ.

**זשאַק**

כ׳לעבען, הער עקאָנאָם, איך וואָלט אייך זער דאַנקבאַר געווען, ווען איר וואָלט איבערגענומען מיין מלאכה און מיר געוויזען אַזאַ קונץ. אומעטום דאַרפט איר אַריינשטעקען אייער נאָז.

**האַרפּאַגאָן**

שטיל זאָל זיין. וואָס וועט מען, הייסט עס, דאַרפען?

**זשאַק**

אָט האָט איר דאָך אייער עקאָנאָם. ער וועט אייך מאַכען אַ טייערע סעודה מיט ווייניג געלט.

**האַרפּאַגאָן**

נו, נו! געענטפערט זאָל ווערען!

**זשאַק**

וויפיל מענשען וועלען זיין צו דער סעודה?

**האַרפּאַגאָן**

אַ מענשען אַכט אָדער צען. אָבער לאָמיר טאַקי רעכענען אַכט, וואָרום אַז ס׳וועט זיין עסען פאַר אַכט, וועט שוין זיין פאַר צען אויך.

**וואַלער**

פאַרשטעהט זיך.

**זשאַק**

וועט מען דאַרפען פיר גרויסע געריכטען און פינף דערבייאי-גזי. זופ... דאָס ערשטע געריכט...

**האַ פּאַגאָ**

פאַר וועלכען טייוועל! מען קאָן דאָך דערמיט אָנזעטיגען אַ גאַנצע שטאָט!

זשאַק

געבראָטענס...

האַרפּאַגאָן

אַרויפֿלעגענדיג זיין האַנט אויף זשאַק׳ס מויל

אויסוואורף איינער! דו פרעסט דאָך מיך אויף אינגאַנצען!

זשאַק

טאָרט פֿאַר׳ן דעסערט...

האַרפּאַגאָן

נאָכאַמאָל אַרויפֿלעגענדיג זיין האַנט אויף זשאַק׳ס מויל

נאָך?!

וואַלער

צו זשאַק׳ן

דו ווילסט טיידען מאַכען אַזוי, אַז דער עולם זאָל פּלאַצען. צי דען האָט דער הער איינגעלאַדען די מענשען, כדי זיי איבער־צופרעסען און ברענגען אויף זיי דעם טויט? געה לייען־איבער די פאָרשריפטען, ווי אַזוי צו פאַרהיטען דאָס געזונט און הער, וואָס די דאָקטוירים זאָגען, צי ס׳איז פאַראַן נאָך אַזאַ שעדליכע זאַך פאַר׳ן מענשען, ווי עסען צו־פיל.

האַרפּאַגאָן

גאַנץ גערעכט.

וואַלער

זאָלסט וויסען זיין, זשאַק, דו און דיין גלייכען, אַז עסען אַ סך פלייש איז פאַר׳ן מענשען אַן אמת׳ע שחיטה. אויב מען איז אַ גוטער פריינט דעם מענשען, ווען מען לאַדט־איין צום טיש, דאַרף מען קודם־כל זעהן, אַז די געריכטען זאָלען זיין געמעסיגטע, און מען טאָר נישט פאַרגעסען די ווערטער פון איינעם אַן אַלטען חכם: „מען דאַרף עסען, כדי צו לעבען, און נישט לעבען, כדי צו עסען.“

האַרפּאַגאָן

אַך, גאָלדענע ווערטער! קום נאָר אַהער, כ׳מוז דיר אַ קוש טון פאַר אַזאַ וואָרט. דאָס איז דאָס בעסטע וואָרט, וואָס איך האָב אין מיין לעבען געהערט: „מען דאַרף לעבען, כדי צו עסען,

און נישט עסען, כדי צו לעבן... ניין, נישט אַזוי. ווי זאָגסטו?

וואַלער

מען דאַרף עסען, כדי צו לעבען און נישט לעבען, כדי צו עסען.

האַרפּאַגאָן

צו זשאַק'ן

יאָ, יאָ. דו פאַרשטעהסט? צו וואַלער'ן. ווער איז ער, דער חכם, וואָס האָט דאָס געזאָגט?

וואַלער

איך קאָן מיר איצט נישט דערמאָנען, ווי אַזוי ער האָט געהייסען.

האַרפּאַגאָן

זאָלסט נישט פאַרגעסען מיר צו פאַרשרייבען דידאָזיגע ווערטער. איך וויל זיי לאָזען אויסקריצען מיט גאָלדענע אותיות אויפ'ן קאַמין ביי מיר אין זאַל.

וואַלער

גוט. כ'וועל נישט פאַרגעסען. און וואָס אָנבעלאַנגט אייער סעודה, לאָזט עס איבער מיר. איך וועל שוין מאַכען אַלץ, ווי עס באַדאַרף צו זיין.

האַרפּאַגאָן

אדרבה, טו עס.

זשאַק

גאַנץ גוט, דערוויל וועל איך האָבען ווייניגער אַרבעט.

האַרפּאַגאָן

מען וואָלט באַדאַרפט געבען צום טיש אַזעלכע זאַכען, וואָס מען קאָן קיין סך נישט עסען און וואָס מען ווערט פון זיי באַלד זאַט. אָט, למשל, גוטע בעבלעך, פעט געקאָכטע, דערצו אַ טאָרט געמישט מיט קאַשטאַנען-מעהל.

וואַלער

פאַרלאָזט זיך אויף מיר.

האַרפּאַגאָן

איצטער, זשאַק, דאַרף מען אויסריינינען מיין קאַרעטע.

זשאַק

וואָרט, וואָרט. דאָ מוז מען שוין רופען דעם קוטשער. זשאַק סוט אָן זיין קוטשער־הוט. זאָגט איר, הייסט עס, אַז...

האַרפּאַגאָן

אַז מען דאַרף ריין מאַכען די קאַרעטע און האַלטען אָנגעגרייט די פערד צו פאָרען אויפ׳ן מאַרק.

זשאַק

אייערע פערד? אָבער אום גאָטעס ווילען, זיי קאָנען דאָך אַ טריט ניט שטעלען. איך וועל אייך ניט זאָגען, אַז זיי ליגען אויסגעצויגען אויפ׳ן שטרוי, וואָרום די בהמות וויסען דאָך, נע־בעך, ניט, וואָס איז אַזוינס שטרוי. איר לאָזט זיי פאַסטען אַזעלכע תעניתים, אַז ס׳איז שוין פון זיי בלויז אַ געדעכעניש געבליבען. זיי זענען שוין שאָטענס, רוחות, אָבער ניט קיין פערד.

האַרפּאַגאָן

מסתמא זענען זיי שטאַרק קראַנק, וואָרום זיי טוען דאָך גאָר־ניט.

זשאַק

און אַז זיי טוען גאָרניט, דאַרפען זיי גאָרניט עסען? זיי וואָלטען שוין, כ׳לעבען, געוואָלט טון כל עבודת פרך, אַבי מען זאָל זיי געבען עסען. עס רייסט מיר פשוט דאָס האַרץ, ווען איך גיב אַ קוק אויף זיי, וואָרום מען איז דאָך סוף כל סוף אַ מענש מיט האַרץ, און אַז איך זעה, ווי מיינע פערדלעך געהען, נעבעך, אויס, דאַכט זיך מיר, אַז דאָס בין איך אַליין. יעדען טאָג טייל איך זיך מיט זיי מיט׳ן לעצטען ביסען פון מויל. מען דאַרף האָבען אַ האַרץ פון שטיין, אום ניט צו האָבען רחמנות אויף אַ נאָנטען.

האַרפּאַגאָן

ניש׳קשה, ס׳איז ניט קיין גרויסע אַרבעט צו געהן ביז׳ן מאַרק.

זשאַק

ניין, מיין הער, איך האָב ניט קיין האַרץ זיי צו פירען, בפרט נאָך אויפצוהויבען אויף זיי די בייטש. ווי אַזוי ווילט איר, זיי

זאָלען שלעפּען אייער קאַרעטע, אַז זיי קאָנען זיך אַליין נישט שלעפּען!

וואַלער

מיין הער, איך וועל איבערעדען מיט אונזער שכן פּוקאַר, וועט ער זיי צוועקפירען. זשאַק וועט דאָך סיי ווי סיי זיין פאַרנומען ביי דער קיך.

זשאַק

זאָל זיין אַזוי. זאָלען זיי שוין בעסער פגר'ן אונטער פרעמדע הענט, איידער אונטער מיינע.

וואַלער

הער זשאַק איז מיר געוואָרען אַ צו גרויסער חכם.

זשאַק

און דער הער עקאָנאָם האָט צופיל גענומען דאָ זאָגען דעות.

האַרפּאַגאָן

שטיל זאָל זיין!

זשאַק

מיין הער, איך קאָן נישט ליידען קיין אונטערשרעקער. איך זעה באַשיינפערליך, אַז אַלץ, וואָס ער טוט, זיינע שטענדיגע קאָנ-טראָלען איבער'ן ברויט, וויין, האָלץ, זאַלץ, ליכט, זענען אויס-גערעכענט בלויז אייך צו חנפ'ענען און זיך צוצופוצען צו אייך. דאָס רעגט מיך אויף ביז'ןביין און ס'איז מיר פּשוט אַ ווערה-טאָג צו הערען, וואָס דער עולם רעדט וועגען אייך. ווארום סוף כל סוף, וואָס עס זאָל נישט זיין, זענט איר מיר דאָך פאָרט איינגעבאַקען אין האַרצען און נאָך מיינע פערדלעך זענט איר דער מענש, וועלכען איך ליב אַמשטאַרקסטען.

האַרפּאַגאָן

קאָנסט מיר זאָגען, זשאַק, וואָס אַזוינס דער עולם רעדט וועגען מיר?

זשאַק

יאָ. כ'האָב אָבער מורא, אַז איר וועט זיין אין כעס.

האַרפּאַגאָן

ניין, אפילו אַ האָר נישט.

**זשאַק**

ענטשולדיגט, איך ווייס אויף זיכער, אַז איר וועט זיין אין כּעס.

**האַרפּאַגאָן**

איך זאָג דיר, אַז ניין. פאַרקערט, ס'וועט מיר טון הנאה. איך בין שטענדיג צופרידען, ווען מען דערצעלט מיר, וואָס די וועלט זאָגט וועגען מיר.

**זשאַק**

ווײַבאַלד איר ווילט עס דוקא, וועל איך אייך זאָגען דעם גאַנצען אמת, אַז אומעטום לאַכט מען פון אייך און פון אַלע זייטען וואַרפט מען אויף אונז שטעכווערטלעך אויף אייער חשבון. דער עולם האָט נישט קיין גרעסער פאַרגעניגען, ווי טרייבערן אייך גלידערווייז און דערצעלען וואָס אַ טאָג אַלץ נייע מעשהלעך וועגען אייער קמצנות. איינער דערצעלט, אַז איר האָט געלאָזט אָפּדרוקען פאַר זיך אַ באַזונדערן לוח, וואו די צאָל פון די תעניתים איז געטאָפּעלט, כּדי אייערע הויז-מענשען זאָלען טאָפּעלט פאַסטען. אַ צווייטער זאָגט, אַז שטענדיג איז ביי אייך צוגעגרייט עפּעס אַ קריגעריי מיט אייערע דינער גראָד אויף ניי-יאָר, אָדער דאַן, ווען עמיצער פון דער דינערשאַפט דאַרף פון אייך אַוועקגעהן, כּדי אַזוי אַרום זיי אָפּצו'פּטר'ן מיט לעדיגע הענט. אַ דריטער דערצעלט, אַז איינמאָל האָט איר אָנגעקלאָגט אין געריכט אייער שכנ'ס קאַץ דערפאַר, וואָס זי האָט אַראָפּגעכאַפּט ביי אייך אַן איבערגעבליבען שטיקעל שעפּסען-פלייש. אַ פירטער זאָגט, אַז איינמאָל ביינאַכט האָט מען אייך געכאַפּט גנב'ענענדיג האָבער ביי אייערע אייגענע פערד, און אייער קוטשער—דער, וואָס איז געווען פאַר מיר—האָט אין דער פינסטער אייך נישט דערקענט און גוט אייך אָנגעבראָכען די ביינער. איר האָט, פאַרשטעהט זיך, וועגען דעם געמאַכט אַ שוויג. בקיצור הדבר, זאָל איך אייך זאָגען אַלץ? וואו מען טוט זיך נאָר אַ ריר, הערט מען רק ווי מען צעלעגט אייך אויף טעלערלעך. איר זענט געוואָרען ביי אַלעמען למשל ולשנינה און אַז מען רעדט וועגען אייך, האָט מען נישט פאַר אייך קיין אַנדערע נעמען, ווי: קאַרגער, גראָשענדיגע נשמה, נבז'יק, וואו-

כערניק.

האַרפּאַגאָן

שלאָגענדיג זשאַק'ן

און דו ביזט אַ טפּש, אַן זאויכוואַוואַ'ק, אַ שורקע, אַ טרפה'נער ביין.

זשאַק

אַהאַ, האָב איך נישט געטראָפען? איר האָט נישט געוואָלט גלוי-בען. איך האָב דאָך אייך געזאָגט, אַז איר וועט זיין אין כעס, ווען איך וועל אייך זאָגען דעם אמת.

האַרפּאַגאָן

לערן זיך אויס, ווי אַזוי צו רעדען.

## זעקסטע סצענע

### וואַלער, זשאַק

וואַלער

לאַכענדיג

לויט ווי איך זעה, הער זשאַק, באַצאָלט מען אייך שלעכט פאַר אייער אָפענהערציגקייט.

זשאַק

הערט נאָר, איר, נייער אורח, וואָס מאַכט זיך שוין פאַר אַ גאַנצען קנאַקער, ס'איז נישט אייער באַבעס דאגה. איר וועט לאַכען, ווען איר וועט קריגען מיט'ן שטעקען, אָבער נישט ווען איך באַקום.

וואַלער

אָ, הער זשאַק, זייט נישט אין כעס, איך בעט אייך.

זשאַק

צו זיך

ער מאַכט זיך פאַר אַ לעמעלע. לאָמיך נאָר פּרובען מאַכען אַ בייזען אָנשטעל, און אויב ער איז גענוג נאַריש, אום זיך צו דערשרעקען פאַר מיר, וועט מען אים טאַקי דאַרפען אַ ביסעל

דורכלופטערן. הויך צי ווייסט איר, איר אָפּלאַכער, וואָס איר זענט, אַז איך מאַך נישט קיין חוזק, און אז אויב איר וועט מיר דערגעהן די יאָרען, וועט איר ביי מיר לאַכען אַזוי, אַז איר וועט שוין אַ צענטען פאַרזאָגען? זשאַק געהט אַנטקעגען וואלער'ן, וועלכער רוקט זיך לאַנגזאַם אָפּ ביז אין דער טיף פון דער סצענע.

וואַלער

ע, פּאַמעליך.

זשאַק

פּאַמעליך? וויל איך נישט!

וואַלער

אום גאָטס ווילען!

זשאַק

איר זענט אַ לומפּ!

וואַלער

אָבער הער זשאַק!

זשאַק

נישטאָ קיין הער זשאַק פאַר אַ צבוע'יאַק. איך נעם באַלד אַ שטעקען און צעבּרעך אייך די ביינער!

וואַלער

וואָס? אַ שטעקען? וואלער געהט שוין דאָס מאָל אויף זשאַק'ן, וועלכער רוקט זיך אָפּ.

זשאַק

ע, דאָס איז סתם אַזוי זיך געזאָגט.

וואַלער

צי ווייסט איר, גרויסער בריה, וואָס איר זענט, אַז איך קאָן אייך אַליין צעברעכען די ביינער?

זשאַק

אָבער איך הויב נישט אָן צו צווייפלען דערין.

וואַלער

צי ווייסט איר, אַז איר זענט סך-הכל נישט מער, ווי אַ טעפּעל-לעקער אין קיך?

זשאַק

איך ווייס עס, כ'ווייס.

וואַלער

און אַז איר קאָנט מיך נאָך נישט ווי געהעריג?

זשאַק

איך בעט אייך איבער. זייט מיר מוחל.

וואַלער

איר וועט מיר ברעכן די ביינער?

זשאַק

איך האָב עס געזאָגט אין אַ געלעכטער.

וואַלער

און איך האָב נישט ליב אַזעלכע געלעכטערס. דערלאַנגט זשאַקן אַ קלאַפּ מיט'ן שטעקן. איצט וועט איר שוין וויסען, ווי אַזוי צו מאַכען געלעכטערס.

זשאַק

אַז די כאָלערע זאָל כאַפּען דעם אמת. ס'איז אַ מיאוסער פּוּך, מער טו איך עס שוין נישט. מילא, אַז אַ בעל-הבית שלאָגט, פאַרשטעה איך נאָך: דערויף איז ער דאָך אַ בעל-הבית. אָבער מיט אָט דעם עקאָנאָמיקעל מוז איך זיך נאָך אָפּרעכענען.

## זיבעטע סצענע

מאַריאַנע, פּראָזינע, זשאַק

פּראָזינע

איר ווייסט נישט, הער זשאַק, דער בעל-הבית איז אין דער היים?

שאַק

יאָ, ער איז אין דער היים; איך ווייס עס צו גוט.

פּראָזינע

זאָגט אים, זייט אַזוי גוט, אַז מיר זיצען דאָ.

## פֿינפֿטע סצענע

מאַריאַנע, פראָזינע

מאַריאַנע

אָ, פראָזינע, איך פֿיל מיך עפּעס אַזוי מאָדנע. איך וועל אייך זאָגען דעם אמת: דידאָזיגע באַגעגעניש שרעקט מיך עפּעס.

פראָזינע

אָבער פֿאַרוואָס? וואָס האָט איהר מורא צו האָבען?

מאַריאַנע

איהר פֿרעגט נאָך: „פֿאַרוואָס?" צי דען קאָנט איהר נישט פֿאַרשטעהן די יסורים פֿון אַ מענשען, וועלכער דאַרף באַלד דערזעהן די תליה, צו וועלכער מען האָט אים פֿאַר'משפּט?

פראָזינע

זאָגט זשע גאַנץ גוט, אַז איהר שוין יאָ אַ תליה, וואָלט איהר בעטער געוואָלט, אַז נישט האַרפּאַגאָן זאָל דאָס זיין. איך דערקען אין אייערע אויגען, אַז דער יונגער בלאָנדין, וועגען וועלכען איהר האָט מיט מיר גערעדט, קריכט אייך פֿון קאָפּ נישט אַרויס.

מאַריאַנע

יאָ, פראָזינע, איך קאָן עס נישט אָפּלייקענען. איך בין מיך מודה, אַז די אָנשטענדיגע וויזיטען, וואָס ער האָט אונז געמאַכט, האָבען איבערגעלאָזט אויף מיר אַ געוויסען איינדרוק.

פראָזינע

אָבער צי ווייסט איהר נאָטש, ווער ער איז?

מאַריאַנע

ניין, דאָס ווייס איך נישט. איך ווייס אָבער, אַז ער זעהט אויס אַזוי, אַז מען מוז אים ליב האָבען. ווען די ברירה וואָלט געווען ביי מיר אין האַנט, וואָלט איך אים אויסגעקליבען אַ סך גיכער, איידער אַן אַנדערן. און איך מוז זאָגען דעם אמת, אַז ער איז אַ היפּש ביסעל גורם, איך זאָל קוקען מיט שרעק און עקעל אויף דעם מאַן, וועלכען מען וויל מיר געבען.

פראָזינע

גאָט מיינער! די אַלע בלאָנדע בחורים׳לעך זענען גאַנץ אינטע-רעסאַנט און ווייסען, ווי אַזוי צו געפעלען. אָבער וואָס איז די פּעולה, אַז מערסטענטייל זענען זיי נאַקעט, ווי אָפּגעפליקטע הענדעלעך? פאַר אייך לוינט בעסער צו נעמען אַן עלטערן מענשען, וועלכער זאָל אָבער האָבען אַ פאַרמעגען. איך בין אייך מודה, אַז פאַר׳ן האַרץ איז אָט אָ דאָ קיין דערקוויקונג נישטאָ און אַז מיט אַזאַ מאַן מוז מען האָבען אויסצושטעהן אַ רעכט ביסעל עקעלדיגע זאַכען; אָבער דאָס וועט דאָך לאַנג נישט דויערן. באַלד נאָך זיין טויט וועט איר האָבען די ברירה צו נעמען אַזאַ, ווי אייער האַרץ גלוסט, און אַלץ וועט זיין אין אָרדנונג.

מאַריאַנע

אַ, פראָזינע, ס׳איז נישט קיין געשמאַקע זאַך צו וואַרטען אויף עמיצענס טויט, כּדי אַליין גליקליך צו זיין. און אויסערדעם טוט דער טויט נישט אַלעמאָל דאָס, וואָס מענשען פּראָיעקטירען.

פראָזינע

כ׳לעבען, איר מוזט מאַכען חוזק! איר האָט חתונה מיט אים מיט׳ן תּנאי, ער זאָל אייך אין קורצען לאָזען אַן אלמנה. דאָס דאַרף זיין אַריינגעשריבען אין די תּנאים. ער וואָלט געווען אַ גוטער לומפּ, ווען ער וואָלט נישט געשטאָרבען אין דריי חדשים אַרום. אָט קומט ער טאַקי אָן, ער מיט די ביינער.

מאַריאַנע

אַך, פראָזינע, וואָס פאַר אַ באַשעפעניש!

## ניינטע סצענע

האַרפּאַגאָן, מאַריאַנע, פראָזינע

האַרפּאַגאָן

צו מאַריאַנע

נעמט נישט פאַר אומגוט, מיין שענקייט, וואָס איך באַווייז מיך

כּאַר אייך אין ברילען. איך ווייס, אַז אייער הן וואַרפֿט זיך געגנוג אין די אויגען און מען דאַרף נישט אָנטון קיין ברילען, אום אים צו זעהן: אָבער סוף-כּל-סוף, אויף שטערענס קוקט מען דאָך דורך ברילען, און איך האַלט, אַז איר זענט אַ שטערען, דער שענסטער פֿון אַלע שטערענס... פּראָזינע, זי ענטפֿערט מיר דאָך אַ וואָרט נישט, עס זעהט אויס, ווי זי וואָלט לגמרי נישט זיין צופֿרידען דערפֿון, וואָס זי זעהט מיך.

פּראָזינע

צו האַרפּאַגאָנ'ען

דאָס איז דערפֿאַר, ווייל זי איז נאָך איבעראַשט. דערצו שעמען זיך מיידלעך שטענדיג אַרויסצווייזען באַלד וואָס עס טוט זיך ביי זיי אין האַרצען.

האַרפּאַגאָן

צו פּראָזינ'ען

ביסט גערעכט. צו מאַריאַנ'ען אָט, מיין טייבעלע, קומט מיין טאָכטער אייך באַגריסען.

## צענטע סצענע

### האַרפּאַגאָן, עליזא, מאַריאַנע, פּראָזינע.

מאַריאַנע

צו שפּעט, פֿריילין, האָב איך מיך אויסגעקליבען צו ערפֿילען מיין אָנגעגעמען חוב אייך צו באַזוכען.

עליזאַ

איר האָט געטון, פֿריילין דאָס, וואָס איך האָב באַדאַרפֿט טון. איך האָב אייך באַדאַרפֿט מקדים זיין.

האַרפּאַגאָן

איר זעהט, וואָס פֿאַר אַ היפּשע מויד, האַז אָבער וואָס איז די פּעולה, שלעכט גראָז וואַקסט תּמיד גיך.

מאַריאַנע

שטיל צו פּראָזינע'ן

אָ, וואָס פֿאַר אַ כאוס'ער מענש!

האַרפּאַגאָן

צו פראָזינ'ען

וואָס זאָגט זי, די שענקייט?

פראָזינע

אַז זי איז אַנטציקט פון אייך.

האַרפּאַגאָן

איר מאַכט מיר באמת צו פיל עהרע, מיין געטליך טייבעלע.

מאַריאַנע

צו זיך

וואָס פאַר אַ חיה!

האַרפּאַגאָן

איך בין אייך זער דאַנקבאַר פאַר די דאָזיגע געפילען.

מאַריאַנע

צו זיך

איך קאָן שוין נישט אויסהאַלטען.

## עלפטע סצענע

האַרפּאַגאָן, מאַריאַנע, עליזא, קלעאַנט, וואַלער, פראָזינע, ברענדא וואַאַן.

האַרפּאַגאָן

אָט קומט מיין זוהן אויך אייך באַגריסען.

מאַריאַנע

צו פראָזינ'ען

אַך, פראָזינע, וואָס פאַר אַ באַגעגעניש! דאָס איז דאָך דער, וועגען וועלכען איך האָב מיט אייך גערעדט.

פראָזינע

די מעשה הויבט מיר אָן צו געפעלען, כ'לעבען!

האַרפּאַגאָן

איך זעה, אַז איר וואונדערט זיך, וואָס איך האָב אַזעלכע גרויסע קינדער. אָבער גאָר קורצליך וועל איך שוין פטור ווערען פון זיי ביידען.

קלעמענס

דעם אמת געזאָגט, פרייליין, איז דאָס פאַר מיר אַ זאַך, אויף וועלכע איך האָב מיך גאָרנישט געריכט. איך בין אַ ביסעל איבעראַשט געוואָרען. ווען מיין פאָטער האָט מיר דאָ נישט לאַנג דערצעלט וואָס ער האָט בדעה צו טון.

מאַריאַנע

דאָסזעלבע קאָן איך אויך זאָגען. די באַגעגעניש איז פאַר מיר געווען אינגאַנצען אַ אומערוואַרטעטע און זי האָט מיך איבעראַשט, פונקט אַזוי ווי איך.

קלעמענס

עס איז אמת, פרייליין, אַז מיין פאָטער האָט קיין בעסערען אויס-וואַל נישט געקאָנט מאַכען און איך בין באמת גליקליך אייך צו זעהען. אָבער ביי דעם אַלעם וועל איך אייך נישט זאָגען, אַז איך בין צופרידען פון דעם פּלאַן, איר זאָלט ווערען מיין שטיף-מו-טער. פאַר מיר וואָלט דאָס געווען זער אַ שווערע זאַך און אייך ווינש איך אויך נישט, איר זאָלט נעמען אויף זיך אַזאַ טיטול. אפשר אַנ׳אַנדערן וועלען מיינע ווערטער זיך אויסווייזען צו-הוצפה׳דיג; אָבער איך בין זיכער, אַז איר וועט זיי פאַרשטעהן אַזוי ווי מען דאַרף זיי פאַרשטעהן. איר וועט פאַרשטעהן, אַז דער דאָזיגער שדוך מוז ביי מיר אַרויסרופען אַ עקעל-געפיל. קענענ-דיג מיך, ווייסט איר גאַנץ גוט, אויף וויפיל ער איז געגען מיינע שטרעבונגען און פאַרלאַנגען. ערלויבט מיר אייך ענדליך צו זאָ-גען—און זאָל מיין טאַטע עס נישט נעמען פאַר אומגוט—אַז ווען עס וואָלט זיך געווענדט אָן מיר, וואָלט דער דאָזיגער שדוך קיינמאָל צו-שטאַנד נישט געקומען.

האַרפּאַגאָן

דאָס איז אַ ביסעל אַ הוצפה׳דיגער קבלת-פנים! אַ שענע דרשה האָסטו דאָ געהאַלטען!

מאַריאַנע

און אייך קאָן איך זאָגען, אַלס ענטפער אויף אייערע רייד, אַז ביי מיר איז פונקט דאָסזעלבע. אויב אייך וואָלט פאַרדראָסען צו האָבען מיך פאַר אַ שטיף-מוטער, וואָלט עס מיך נישט ווייניגער

געקרענקט צו האָבען אייך פאַר אַ שטיף-זוהן. מיינט נישט, איך בעט אייך, אַז דאָס וויל איך אייך פאַרשאַפען די דאָזיגע קרענקונג. עס וואָלט פאַר מיר, פאַרקערט, זער פיינליך געווען, ווען איך וואָלט אייך אָנגעטון אַזאַ פאַרדרוס. אויב נאָר מען וועט מיך דערצו נישט צווינגען מיט געוואַלט, גיב איך אייך מיין וואָרט, אַז איך וועל קיינמאָל נישט איינגעהן אויף דעם דאָזיגען שרוך.

האַרפּאַגאָן

זי איז גאַנץ גערעכט. נאַרישע רייד פאַרדינען אַ נאַרישען ענטפער. איך בעט אייך איבער, מיין שענקייט, פאַר די חוצפּה פון מיין זוהן. דאָס איז אַ יונג בעקעל; ער פאַרשטעהט נאָך אַליין נישט וואָס ער רעדט.

מאַריאַנע

איך פאַרזיכער אייך, אַז זיינע ווערטער האָבען מיך לגמרי נישט באַליידיגט. פאַרקערט, ער האָט מיר פאַרשאַפט פאַרגעניגען דערמיט, וואָס ער האָט מיר ערקלערט זיינע אמת'ע געפילען. מיר געפעלט זער די דאָזיגע אָפענהערציגקייט זיינע, און ווען ער וואָלט גערעדט אַנדערש, וואָלט איך אים דערפאַר אַ סך ווייניגער געשעצט.

האַרפּאַגאָן

ס'איז באמת אַ גוטסקייט פון אייער זייט, וואָס איר זענט אים מוחל זיינע נאַרישקייטען. מיט דער צייט וועט ער קלוגער ווערען און דאַן וועט איר זעהען, אַז ער וועט בייטען זיינע מיינונגען.

קלעאַנט

ניין, טאַטע, איך וועל מיינע געפילען נישט בייטען. און אייך, פריילין, בעט איך, איר זאָלט טאַקי מיר גלויבען.

האַרפּאַגאָן

איר זעהט אַ חצוף! ער טוט דאָס ווייניגע און נאָך מיט מער פרישקייט.

קלעאַנט

וואָלסט געוואָלט, טאַטע, איך זאָל זאָגען ליגען?

האַרפּאַגאָן

נאָך נישט געענדיגט?! ועסט שוין אפשר אָנהויבען רעדען אַנדערש.

קלעאַנט

גאָט! אויב דו ווילסט עס דוקא, וועל איך רעדען אַנדערש. ער־לויבט מיר, פריילין, זיך צו שטעלען אויף מיין פאָטער'ס אָרט און אייך צו זאָגען אָפען, אַז איך האָב אין מיין לעבען נאָך נישט געזעהען אַזאַ חן, ווי אייערען; אַז איך שטעל מיר נישט פאָר קיין גרעסער גליק, ווי אייך געפעלען צו ווערען; אַז אַ געבענטשטער פון גאָט איז יענער, וועלכער וועט האָבען די זכיה צו זיין אייער מאַן. די גרעסטע הערשער פון דער וועלט וועלען אים מעגען מקנא זיין. יאָ, פריילין, דאָס גליק אייך צו האָבען פאַר אַ ווייב איז אין מיינע אויגען די גרעסטע פון אַלע ברכות און די גרעסטע שטאָלץ וואָלט עס פאַר מיר געווען. עס איז נישטאָ קיין זאַך, וועלכע איך זאָל נישט פעיג זיין צו טאָן, אום דעם דאָזיגען שאַץ צו באַקומען, און די שווערסטע שטע־רונגען...

הארפאַגאָן

פאַמעליך, מיין זוהן, זיי מוחל.

קלעאַנט

דאָס האָב איך, טאַטע, גערעדט פאַר דיר.

הארפאַגאָן

איך האָב, ברוך השם, אַליין אַ מויל און דאַרף נישט קיין וועלכע אַדוואָקאַטען, ווי דו... עי, דערלאַנגט אַהער שטולען.

פראָזינע

ניין, גלייבער איז, מיר זאָלען שוין טאָקי איצט געהן אויפ'ן מאַרק, כדי מיר זאָלען פריער קומען צוריק און האָבען מער צייט צו שמועסען מיט אייך.

הארפאַגאָן

צו ברענדאַוואַן'ען

מאָ זאָל מען איינשפּאַנען די פערד אין דער קאַרעטע.

## צוועלפטע סצענע

האַרפּאַגאָן, מאַריאַנע, עליזא, קלעאַנט, וואַלער, פראָזינע.

**האַרפּאַגאָן**

צו מאַריאַנ'ען

אַנטשולדיגט, מיין טייבעלע, וואָס ס'איז מיר גאָר פון זינען
אַרויס, אָנצוגרייטען עפּעס צום פאַרבייסען פאַר'ן אַוועקגעהן.

**קלעאַנט**

איך האָב שוין דערפאַר געזאָרגט, טאַטע. איך האָב אין דיין נאָ-
מען געהייסען ברענגען עטליכע קערבלעך כינעזישע פּאָמעראַנצען,
ציטראָנען, איינגעמאַכטס...

**האַרפּאַגאָן**

שטיל צו וואַלער'ן

וואַלער!

**וואַלער**

צו האַרפּאַגאָנ'ען

ער איז אַראָפּ פון זינען.

**קלעאַנט**

אפשר געפינסטו, טאַטע, אַז ס'איז צו וועניג מילא, איך האָף,
אַז דאָס פריילין וועט אונז אַנטשולדיגען. נישט אַזוי?

**מאַריאַנע**

אָבער דאָס איז אויך נישט נייטיג געווען.

**קלעאַנט**

צי איז אייך אויסגעקומען, פריילין, צו זעהן אַ שענערן דימענט
ווי דער, וואָס מיין טאַטע טראָגט אויפ'ן פינגער?

**מאַריאַנע**

יאָ, ווירקליך. דער דימענט בלישטשעט גרויסאַרטיג.

**קלעאַנט**

אַראָפּנעמענדיג דעם רינג פון האַרפּאַגאָנ'ס האַנט און דערלאַנגענדיג אים מאַריאַנ'ען

קוקט אים נאָר אָן פון נאָענטן.

מאריאנע

יאָ, ער איז טאַקי זער שען. ער וואַרפט אַ גוומא שטראַלען.

קלעאַנט

פארשטעלענדיג דעם וועג מאריאנ'ען, וועלכע וויל אָפּגעבען דעם רינג הארפאגאנ'ען

ניין, פריילין, דער רינג איז אַקוראַט פאַר אַזעלכע שענע הענט־לעך. מיין פאָטער גיט עס אייך אַוועק אַלס געשאַנק.

האַרפּאַגאָן

איך?

קלעאַנט

נישט אמת, טאַטע, דו ווילסט, אַז פריילין מאַריאַנע זאָל נעמען דעם רינג אַלס צייכען פון דיין ליבע?

האַרפּאַגאָן

שטיל צום זוהן

וואָס הייסט דאָס?

קלעאַנט

צו מאַריאַנע'ן

אַ שענע פראַגע! אָט מאַכט ער מיר צייכענס, איך זאָל ביי אייך בועל'ן, אַז איר זאָלט דעם רינג צונעמען.

מאַריאַנע

איך וויל נישט...

קלעאַנט

וואָס רעדט איר? ער וועט דעם רינג בשום אופן נישט נעמען צוריק.

האַרפּאַגאָן

צו זיך

איך ווער משוגע!

מאַריאַנע

דאָס וואָלט געווען...

קלעאַנט

נישט לאָזענדיג אַלץ מאַריאַנע'ן אָבגעבען דעם רינג

ניין, זאָג איך אייך. איר וועט אים דערמיט שטאַרק באַליידיגען.

מאַריאַנע

איך בעט אייך...

קלעאַנט

בשום אופן נישט...

האַרפּאַגאָן

צו זיך

אַ קלאָג זאָל אים נעמען...

קלעאַנט

אָט זעהט איר, ער איז שוין אויפגערעגט דערפאַר, וואָס איר זאָגט זיך אָפּ.

האַרפּאַגאָן

שטיל צום זוהן

אַך, טרפה'נער ביין!

קלעאַנט

צו מאַריאַנע'ן

איר זעהט! ער איז שוין אויסער זיך.

האַרפּאַגאָן

שטיל צום זוהן דראָהענדיג אים

רוצח, מערדער!

קלעאַנט

טאַטע, איך בין נישט שולדיג. איך טו אַלץ, וואָס איך קאָן נאָר, אום די פריילין מאַריאַנע זאָל דעם רינג נעמען; זי איז אָבער איינגעשפּאַרט.

האַרפּאַגאָן

שטיל צום זוהן מיט כעס

אַרעסטאַנט!

קלעאַנט

דאָס זענט איר שולדיג, פריילין, וואָס מיין טאַטע זידעלט מיך אַזוי.

האַרפּאַגאָן

שטיל צום זוהן מיט'ן זעלבען זשעסט

אויסוואורף!

קלעאַנט

צו מאַריאַנע'ן

ער וועט נאָך חלילה קראַנק ווערען פון פאַרדרוס. האָט רחמנות פריילין, און עקשנ'ט אייך נישט מער.

פראָזינע

צו מאַריאַנע'ן

גאָט מיינער! וואָס איז דאָס פאַר אַ צערעמאָניעס? נעמט דעם רינג, אויב זיי ווילען עס אַזוי שטאַרק!

מאַריאַנע

צו האַרפּאַגאָנ'ען

אום אייך נישט צו מאַכען קיין פאַרדרוס, נעם איך איצט דעם רינג, אָבער ביי אַנ'אַנדער געלעגענהייט, וועל איך זעהן אים אייך אָפּצוגעבען צוריק.

## דריי'צענטע סצענע

האַרפּאַגאָן, מאַריאַנע, עליזא, קלעאַנט, וואַלער, פראָזינע, ברענדאַוואַן.

בּרענדאַוואַן

מיין הער, עס איז געקומען איינער, וואָס וויל מיט אייך רעדען.

האַרפּאַגאָן

זאָג אים, אַז איך קאָן איצט נישט. זאָל ער קומען אַ צווייט מאָל.

ברענדאַוואַן

ער זאָגט, אַז ער האָט אייך געבראַכט געלט.

האַרפּאַגאָן

צו מאַריאַנע'ן

אַנטשולדיגט מיר, פריילין, איך קום שוין אַריין צוריק

## פֿירטע סצענע

האַרפּאַגאָן, מאַריאַנע, עליזא, קלעאַנט, וואַלער, פֿראָזינע, לאַ-מערלוש.

לאַ-מערלוש

לויפֿט אַריין אין האַרפּאַגאָנס, לויפֿנדיג, האַרפּאַגאָנ'ען

מיין הער...

האַרפּאַגאָן

אָ! ער האָט מיך צוועקגעהרג'עט!

קלעאַנט

וואָס איז, טאַטע? ס'איז דיר עפּעס געשעהן?

האַרפּאַגאָן

דער כלב האָט מסתמא געקריגען געלט פֿון מיינע בעלי-חובות, ער זאָל מיך צו'מזיק'ען.

וואַלער

צו האַרפּאַגאָנ'ען

ס'וועט אייך גאָרנישט זיין.

לאַ-מערלוש

נעמט נישט פֿאַר אומגוט. כ'האָב געמיינט, אַז איך טו גוט, וואָס איך לויף גיך.

האַרפּאַגאָן

נאָך וואָס ביסטו אַהערגעקומען, רוצח?

לאַ-מערלוש

איך בין געקומען צו-לויפֿען אייך זאָגען, אַז די פֿערד זענען אָהן פֿאָדקאָוועס.

האַרפּאַגאָן

טאָ זאָל מען זיי באַלד פֿירען צום שמיד.

קלעאַנט

איידער מען חאַפּט די פֿערד אָנשמידען, וועל איך, טאַטע, די געסט אונטערהאַלטען פֿאַר דיר. איך וועל אַריינפֿירען פֿריילין מאַריאַנע'ן אין גאָרטען און וועל דאָרט הייסען דערלאַנגען צו פֿאַרבייסען.

## פּיפּצנעטע סצענע

### האַרפּאַגאָן, וואַלער.

האַרפּאַגאָן

וואַלער, גיב כאָטש דו אַכטונג אויף דעם אַלעם. זעה, איך בעט-
דיך, מיר אָפּצוראַטעווען וואָס דו וועסט נאָר קאָנען, מען זאָל
עס דערנאָך צוריק אָפּשיקען צום קרעמער.

וואַלער

מיט מיר דאַרפט איר קיין סך נישט רעדען.

האַרפּאַגאָן

אַי, דער קלאָגעדיגער זוהן! ער וויל, נישט אַנדערש, מיר מאַכען
פאַר אַ בעטלער!

פאָרהאַנג

# פירטער אַקט.

## ערשטע סצענע

קלעאַנט, מאַריאַנע, עליזאַ, פראָזינע.

קלעאַנט

קומט אַריין אַהער, דאָ וועט אונז זיין פיל באַקוועמער. קיינער איז דאָ נישטאָ און מיר וועלען קאָנען רעדען פריי.

עליזאַ

יאָ, פריילין, מיין ברודער האָט מיר פאַרטרויט וועגען זיין ליבע צו אייך. איך ווייס גאַנץ גוט, וויפיל פאַרדרוס און וועהטאָג אַזאַ לאַגע פאַרשאַפט און איך פאַרזיכער אייך, אַז איך פיל אייך מיט פון טיפסטען האַרצען.

מאַריאַנע

עס איז ווירקליך פאַר מיר אַ גרויסער טרייסט, צו זעהן, אַז אַזאַ פערזאָן, ווי איר, געהט אַריין אין מיין לאַגע. און איך בעט אייך טאַקי, פריילין, איר זאָלט שטענדיג האָבען פאַר מיר אָט די דאָזיגע גרויסמוטיגע פריינדשאַפט, וועלכע איז אַזוי פיל בכח צו פאַרלינדערן די גרויזאַמקייט פון מיין שיקזאַל.

פראָזינע

איר זענט, ווי איר זעהט מיך לעבען, ביידע גאַנץ שלים-מזל׳.

ניקעס. פאַרוואָס האָט איר מיר פריער נישט געזאָגט אַלץ מיט אַנ׳אַנדערן? איך וואָלט אייך שוין די אַלע דאגות פאַרשפּאָרט און עס וואָלט צו דעם אַלעם נישט געקומען.

קלעאַנט

וואָס זאָל מען טון? ס׳איז, קענט־ִג, אַזוי באַשערט געווען. אָבער, שענע מאַריאַנע, וואָס רעכענט איר צו טון? וואָס האָט איר באַשלאָסען?

מאַריאַנע

גאָט מיינער, צי דען בין איך עפּעס בכח צו באַשליסען? צי דען קאָן איך אין מיין אָפּהענגיגער לאַגע אַרויסזאָגען אייגענע געדאַנקען?

קלעאַנט

הייסט עס, אַז מיין איינציגע שטיצע ביי אייך אין האַרצען זע-נען בלויז איינפאַכע געדאַנקען? קיין שום רחמנות? קיין שום געפילן? קיין שום ליבע, וועלכע זאָל טרייבען עפּעס צו טון?

מאַריאַנע

וואָס קאָן איך אייך דאַרויף ענטפערן? שטעלט אייך פאָר, אַז איר זענט אויף מיין אָרט און זעהט, וואָס איך האָב צו טון. גיט אַנ׳עצה, הייסט, איך פאַרלאָז מיך אינגאַנצען אויף אייך. צו הויך שטעל איך אייער פאַרשטאַנד און אייער כאַראַקטער, אום צו דאַר-פען מורא האָבען, אַז איר וועט מיר הייסען טון עפּעס אַזוינס, וואָס איז נישט ערליך, אָדער נישט אָנשטענדיג.

קלעאַנט

וואָס וועל איך שוין קאָנען אויפטון, אויב איר באַגרענעצט מיך צו טון נאָר דאָס, וואָס ווערט ערלויבט דורך די ענגע ראַמען פון שטרענגער ערליכקייט און קליינליכער אָנשטענדיגקייט?

מאַריאַנע

אָבער וואָס זאָל איך טון? ווען איך וואָלט אפילו געקאָנט אַוועק-מאַכען מיט דער גאַנס אַלץ, וואָס עס פּאַסט נישט פאַר אונז, פרויען, מוז איך דאָך דאָך אָבער רעכענען מיט מיין מוטער. זי איז שטענדיג געווען זער צערטליך פאַר מיר, און איך קאָן נישט פועל׳ן ביי זיך איר צו פאַרשאַפען עגמת-נפש. פּרובט איר טון עפּעס, רעדט איבער מיט איר, טוט אַלץ, וואָס איר קאָנט, אום

איר געפעלען צו ווערען. איר קאָנט טון און רעדען אַלץ, וואָס איר וועט געפונען פאַר נויטיג, איך גיב אייך פרייע הענט. און אויב עס געהט אין דעם, אַז איך זאָל רעדען מיט איר גינסטיג פאַר אייך, וועל איך איר גאַנץ גערן דערצעלען וועגען מיינע געפילען צו אייך.

קלעאַנט

פראָזינע, טייערע פראָזינע מיינע, אפשר וואָלסטו מיט עפּעס אונז צוגעדינט?

פראָזינע

אַ שענע פראַגע, כ'לעבען! אדרבה, מיט'ן גאַנצען האַרצען! איר ווייסט, דאַכט זיך, אַז בטבע האָב איך אַ גוט האַרץ. מיין נשמה איז נישט קיין שטיינדעל. פאַרקערט, מיט'ן גרעסטען פאַרגעני-גען וואָלט איך טון עפּעס פאַר יונגע לייט, וועלכע האָבען זיך ליב פיין און אָנשטענדיג. אָבער וואָס הויבט מען דאָ אָן צו טון?

קלעאַנט

טו אַ טראַכט, איך בעט דיך.

מאַריאַנע

גיט אונז, אדרבה, אַנ'עצה.

עליזאַ

געפינט עפּעס אַ פּלאַן ווי אַזוי צו פאַרריכטען דאָס, וואָס איר האָט קאַליע געמאַכט.

פראָזינע

ס'איז אָבער אַ גאַנץ שווער שטיקעל אַרבעט. צו מאַריאַנע'ן מיט אייער מוטער וועט עס, מסתמא, נישט אָנקומען אַזוי שווער, ביי איר וועט מען מסתמא פועל'ן, אַז זי זאָל אַריבערטראָגען אויפ'ן זוהן דעם חן, וואָס זי האָט געוואָרפען אויפ'ן טאַטען. צו קלעאַנט'ן אָבער שלעכט איז דאָס, וואָס אייער טאַטע איז אייך אַ טאַטע.

קלעאַנט

נו יאָ, אַוודאי.

פראָזינע

איך מיין צו זאָגען, אַז איס וועט זער שטאַרק פאַרדריסען, ווען ער וועט זעהן, אַז מען פאַרבראַקירט איס און דערפאַר וועט ער

נישט מסכים זיין, אַז איר זאָלט ביידע תתונה האָבען. מען דאַרף דעריבער זעהן, אַז ער אַליין זאָל זיך אָפּזאָגען, מען דאַרף אים ווי עס איז די כלה מאוס-מאַכען.

קלעאַנט

ביסט גערעכט.

פּראָזינע

אַז איך בין גערעכט ווייס איך גאַנץ גוט. אָבער דאָס איז נאָך ווייניג, דער טייוועל ווייס, וואָס פאַר אַ מיטעל מען געפינט צו דעם... וואַרט: ווען מיר וואָלטען געהאַט עפּעס אַ פרוי אַביסעל אין די יאָרען, וואָס זאָל זיין אַזאַ בריה ווי איך... זי וואָלט געמאַכט דעם אָנשטעל פון עפּעס אַ גרויסער פּריצ׳טע, מיט אַ לאַנגען שלעפּ-קלייד, מיט עפּעס אַ נאָמען פון אַ גראַף, אָדער אַ מאַרקיז אַ שטייגער פון ברעטאַין. דאַן וואָלט איך זער לייכט געקאָנט איינשמועסען אייער פאָטער, אַז זי איז געוואַלדיג רייך, אַז אויסער אירע הייזער האָט זי נאָך במזומן הונדערט טויזענט רענדלעך, דערצו נאָך—אַז זי איז מורא׳דיג פאַרליבט אין אים און זי איז גרייט אָוועקצוגעבען איר גאַנץ פאַרמעגען, אַבי מיט אים החונה צו האָבען. און אַז ער וועט זיך לאָזען רעדען איז ביי מיר קיין קלענסטער ספק נישטאָ, וואָרום נאָך געלעמען, אייך האָט ער טאַקי שטאַרק ליב, אָבער געלט האָט ער נאָך ליבער. ווי נאָר דאָס רייכטום וועט אים אַ שעמעריר טון פאַר די אויגען, זענט איר מיט אים פאַרטיג. ס׳מאַכט נישט אויס, אויב דערנאָך וועט זיך רון דער גרעפין אויסלאָזען אַ בוידעם. דאָס איז אַ שפּעטיגערע מעשה.

קלעאַנט

... איז אַ גוטער איינפאַל.

פּראָזינע

איר לאָזט נאָר מיר. איך האָב מיך אָקאָרשט דערמאָנט איינע, מיינע אַ גוטע באַקאַנטע, וועלכע איז ווי געבוירען דערצו.

קלעאַנט

זייט זיכער, פּראָזינע, אַז איך וועל דיר זייער שיין באַדאַנקען, ווען דו וועסט עס דורכפירן. אָבער מיר, שענע מאַריאַנע, מוזען

זעהן קודם-כל צו געווינען אייער מוטער אויף אונזער זייט, וואָרום נישט אַזוי לייכט וועט אונז מסתּמא אָנקומען צו-נישט צו מאַכען דעם שדוך. איך בעט אייך, טוט פון אייער זייט אַלץ וואָס איר וועט נאָר קאָנען. נוצט-אויס די גאַנצע מאַכט, וואָס איר האָט אויף איר דורך איר ליבע צו אייך. לאָזט אין גאַנג אייער גאַנ-צע רעדענס-קראַפט, דעם גאַנצען מעכטיגען חן, וואָס גאָט האָט אייך אַריינגעגעבען אין די אויגען און אין מויל. פאַרגעסט נישט, זיך בעט אייך, קיין איינס פון יענע ליבע ווערטער, פון די זיסע בקשות און רירענדע צערטליכקייטען, וואָס איך בין איבערצייגט, אַז אין קיין זאַך קאָן מען זיי נישט אָפּזאָגען.

מאַריאַנע

איך וועל טון אַלץ, וואָס איך וועל קאָנען. און וועל גאָרנישט פאַרגעסען.

## צווייטע סצענע

האַרפּאַגאָן, קלעאַנט, מאַריאַנע, עליזאַ, פראָזינע

האַרפּאַגאָן

צו זיך, איידער די איבריגע דערזעהען אים

ע-העו! מיין זוהן קושט די האַנט זיין קומענדיגער שטיף-מאַמען, און די קומענדיגע שטיף-מאַמע לאָזט זיך. אפשר איז דאָ עפּעס נישט גלאַטיג?

עליזאַ

אָט איז דער טאַטע!

האַרפּאַגאָן

די קאַרעטע איז פאַרטיג; איר קאָנט פאָרען אויב איר ווילט.

קלעאַנט

וויבאַלד, טאַטע, דו פאָרסט נישט, וועל איך זיי פאָרען באַ-גלייטען.

האַרפּאַגאָן

ניין, בלייב דאָ! זיי וועלען קאָנען אַליין פאָרען. איך דאַרף דיך האָבען.

## דריטע סצענע

### האַרפּאַגאָן, קלעאַנט.

האַרפּאַגאָן

נ—נו... פֿאַרגעס, אַז עס האַנדעלט זיך וועגן אַ שטיף־מוטער און זאָג מיר דעם אמת: ווי געפֿעלט זי דיר, די דאָזיגע פּערזאָן?

קלעאַנט

ווי זי געפֿעלט מיר?

האַרפּאַגאָן

איר אויסזעהן, איר פֿיגור, איר פּנים, איר שכל?

קלעאַנט

אַזוי זיך.

האַרפּאַגאָן

און דאָך?

קלעאַנט

דעם אמת רעדענדיג, טאַטע, געפֿין איך נישט אין איר דאָס, וואָס איך האָב מיר פֿאָרגעשטעלט. אויסזעהן זעהט זי אויס, ווי אַ פּוסטע קאָקעטקע, איר פֿיגור איז אַ רעכט ביסעל אומגעלומפּערט, איר שענקייט איז אויך צו דערליידען און שכל, דאַכט זיך, פֿעהלט איר אויך. מיין נישט, טאַטע, אַז איך זאָג עס דיר, כּדי זי מאוס צו מאַכען, וואָרום אויב שוין יאָ אַ שטיף־מוטער, וואָס איז מיר די נפקא־מינה צי זי, צי אַן אַנדערע?

האַרפּאַגאָן

דו האָסט דאָך אָבער פֿריער איר געזאָגט...

קלעאַנט

יאָ, איך האָב איר געזאָגט אַ פּאָר גוטע ווערטער אין דיין נאָמען, אָבער בלויז כּדי דיר צו פֿאַרשאַפֿען פֿאַרגעניגען.

האַרפּאַגאָן

הייסט עס, אַז דו האָסט צו איר נישט קיין סימפּאַטיע?

קלעאַנט

איך? ס'הויבט זיך גאָרנישט אָן.

האַרפּאַגאָן

אַ שאָד, כ׳לעבּען, דורכדעם ווערט צו-נישט אַ גאַנצער פּלאַן, וואָס איז מיר געקומען אויפ׳ן זינען. נאָכדעם ווי איך האָב זי דערזעהען, האָב איך גענומען טראַכטען וועגען מיין עלטער און האָב מיך באַדענקט, אַז די וועלט וועט קוקען קרום אויף אַזאַ שדוך, דעריבּער האָב איך מיך דערפון אָפּגעזאָגט. אָבּער אַזוי ווי איך האָב זי שוין כּאַרבּעטען און בין שוין מיט איר פאַר־בּונדען מיט אַ וואָרט, וואָלט איך זי דיר אָפּגעגעבען, ווען נישט דיין אַנטיפּאַטיע צו איר.

קלעאַנט

מיר?

האַרפּאַגאָן

יאָ, דיר.

קלעאַנט

פאַר אַ ווייב?

האַרפּאַגאָן

יאָ, פאַר אַ ווייב.

קלעאַנט

הער־אויס, טאַטע, ס׳איז אמת, אַז זי געפעלט מיר נישט זעהר שטאַרק, אָבּער כּדי דיר צו טון אַ נחת־רוח, בּין איך גרייט חתונה צו האָבען מיט איר, אויבּ דו ווילסט עס.

האַרפּאַגאָן

צוליבּ מיר? איך בּין נישט אַזאַ איינגעשפּאַרטער, ווי דו מיינסט, איך וויל נישט פאַרגעוואַלטיגען דיינע געפילען.

קלעאַנט

ס׳מאַכט נישט אויס, טאַטע, איך וועל מיר אָנטון אַ כּח אויס לי־בּע צו דיר.

האַרפּאַגאָן

ניין, ניין. אַ חתונה ענדיגט זיך קיינמאָל נישט גליקליך, ווען ס׳איז קיין סימפּאַטיע נישטאָ!

קלעאַנט

דאָס וועט אפשר קומען דערנאָך, טאַטע. מען זאָגט, אַז די ליבּע

קומט אָפּטמאָל אַלס רעזולטאַט פון התונה.

האַרפּאַגאָן

ניין. אַ מאַנספּערזאָן טאָר נישט אַזוי ריזיקירען. דאָס קאָן ברענגען צו גאַנץ טרויעריגע זאַכען, און וועלכע איך וויל נישט האָבען קיין שולד. ווען דו וואָלסט געהאַט צו איר כאָטש וויפיל ס'איז סימפּאַטיע—אַדרבה, איך וואָלט דיך חתונה געמאַכט מיט איר אָנשטאָט אַליין זי צו נעמען, אָבער אַזוי ווי דאָס איז נישטאָ, וועל איך שוין טון אַזוי, ווי איך האָב לכתחלה געהאַט בדעה: איך וועל שוין אַליין מיט איר חתונה האָבען.

קלעאַנט

אויב אַזוי, טאַטע, מוז איך דיר אויפדעקען מיין האַרץ און אויסזאָגען דיר אַ סוד: דער אמת איז, אַז איך האָב מאַריאַנע'ן ליב פון דעם טאָג אָן, ווען איך האָב זי דערזעהן אויף אַ שפּאַציר. איך האָב שוין לאַנג געוואָלט דיך בעטען זאָלסט מיך חתונה מאַכען מיט איר, אָבער אָפּגעהאַלטען דערפון האָט מיך נאָר דאָס, וואָס איך האָב מורא געהאַט.

האַרפּאַגאָן

ביסטו שוין געווען ביי איר מיט אַ וויזיט?

קלעאַנט

יאָ, טאַטע.

האַרפּאַגאָן

אַ סך מאָל?

קלעאַנט

יאָ, פאַרהעלטניסמעסיג פאַר אַזאַ קורצער צייט.

האַרפּאַגאָן

האָט מען דיך דאָרט גוט אויפגענומען?

קלעאַנט

זער גוט, כאָטש ווער איך בין האָבען זיי נישט געוואוסט, און דערפאַר טאַקי איז דאָס איצט געווען פאַר מאַריאַנע'ן אַזאַ איבעראַשונג.

האַרפּאַגאָן

האָסטו איר ערקלערט וועגען דיין ליבע און אַז דו ווילסט

מיט איר חתונה האָבען?

קלעאַנט

פאַרשטעהט זיך, איך האָב אַפילו געגעבען וועגען דעם אָנצוהערען איר מוטער אויך.

האַרפּאַגאָן

און זי, די מוטער, האָט זיך געלאָזט רעדען?

קלעאַנט

יאָ, אַוודאי, זער גערן.

האַרפּאַגאָן

און זי אַליין, די טאָכטער מיין איך, האָט דיך אויך ליב?

קלעאַנט

אויף וויפיל עס לאָזט זיך זעהן, דאַכט זיך מיר, אַז זי האָט צו מיר אויך אַ געוויסע סימפּאַטיע.

האַרפּאַגאָן

שטיל צו זיך

איך בין גאַנץ צופרידען וואָס ער האָט מיר אויסגעזאָגט דעם סוד, מער האָב איך טאַקי נישט באַדאַרפט הויך הערן, זוהנעלע, וואָס איך וועל דיר זאָגען: זאָלסט נעמען אַ שטעקען און זיך אַרויסשלאָגען פון קאָפּ אָט דידאָזיגע ליבע, זאָלסט אויפהערען צו לויפען נאָך אַ מיידעל, וועלכע איך וויל אַליין נעמען און גאָר קירצליך וועסטו חתונה האָבען מיט יענער, מיט וועמען מען וועט דיר הייסען.

קלעאַנט

אַזוי גאָר, טאַטע, שפּילסטו זיך, הייסט עס, מיט מיר? אויב אַזוי ערקלער איך דיר, אַז איך וועל מיך נישט אָפּזאָגען פון מיין ליבע צו מאַריאַנע׳ן. עס איז נישטאָ קיין זאַך, פאַר וועלכער איך וועל מיך אָפּשטעלען. איך וועל אַלץ אין דער וועלט טון, אום זי אַרויסצורייסען פון דיינע הענט. און אויב אפילו איר מוטער איז אויף דיין זייט, וועל איך שוין געפונען אַנדערע, וועלכע וועלען מיר בייהילפיג זיין.

האַרפּאַגאָן

הא, אויסוואורף?! דו האָסט די חוצפה מיר צו שטעהן אין וועג?

קלעאַנט

נישט איך שטעה דיר אין וועג, נאָר דו מיר. איך בין געווען דער ערשטער.

האַרפּאַגאָן

איך בין דיר אַטאַטע צי ניין? דרך ארץ!

קלעאַנט

נישט אין אַזעלכע זאַכען דאַרפען קינדער האָבען דרך-ארץ פאַר טאַטעס. די ליבע וויל קיינעם נישט קענען.

האַרפּאַגאָן

אָט וועל איך שוין באַלד מאַכען זאָלסט מיך יאָ קענען. איך וועל נאָר נעמען אַ שטעקען.

קלעאַנט

ווערסט מיך מיט קיין זאַך נישט אָפּשרעקען.

האַרפּאַגאָן

דו ווערסט פון מאַריאַנע'ן זיך אָפּזאָגען.

קלעאַנט

ס'הויבט זיך אפילו נישט אָן.

האַרפּאַגאָן

אַ שטעקען גיט מיר אַהער! אַ שטעקען זאָל מיר ווערען!

## פינפטע סצענע

הארפּאגאָן, קלעאנט, זשאַק.

זשאַק

העי! העי! מיינע הערען, וואָס טוט זיך דאָ? וואָס ווילט איר טון?

קלעאַנט

איך לאַך פון אים דערפון.

זשאַק

צו קלעאַנט'ן

אָ, מיין הער, פאַמעליך!

האַרפּאַגאָן

דו וועסט רעדען צו מיר מיט אַזאַ חוצפה!

ושאַק

צו הארפּאַגאָנ׳ען

אָ, מיין הער, אום גאָט׳ס ווילען!

קלעאַנט

ער וועט ביי מיר נישט אויספירען!

ושאַק

צו קלעאַנט׳ן

גאָט איז מיט אייך, אַ טאַטען!

האַרפּאַגאָן

לאָז מיך נאָר צו צו אים!

זשאַק

צו הארפּאַגאָנ׳ען

אַנ׳אייגענעם זוהן! מילא מיך, פאַרשטעה איך...

האַרפּאַגאָן

זשאַק, איך וועל דיך מאַכען פאַר אַ שופט צווישען אונז ביי-דען, ווערסטו זעהן, ווי גערעכט איך בין.

זשאַק

איך בין מסכים צו קלעאַנט׳ן איר געהט אַוועק אויף אַ ווײַלע.

האַרפּאַגאָן

איך האָב ליב אַ מיידעל און וויל מיט איר חתונה האָבען, אָבער אָט דער חצוף האָט די העזה אויך זי ליב צו האָבען און האָט אויף איר פּרעטענזיעס, מיר אויף להכעיס.

זשאַק

אָ, ס׳איז אַנ׳עולה פון אים.

האַרפּאַגאָן

איז ׳עס דען נישט אַ שרעקליכע זאַך, אַז אַ זוהן זאָל וועלען קאָנקורירען מיט אַ טאַטען? ציי וואָלט ער נישט באַדאַרפט שוין פון דרך-ארץ אַליין זיך אָפּהאַלטען אָנצורירען מיינע ליבע-גע-פילען?

זשאַק

איר זענט גאַנץ גערעכט, לאָזט מיך איבעררעדען מיט אים און איר בלייבט דאָ ער געהט־צו צו קלעאַנט׳ן/אויפ׳ן צווייטען ברעג פון דער סצענע.

**קלעאַנס**

צו זשאַק׳ן

גוט, ווייבאַלד ער האָט דיך אויסגעקליבען פאַר אַ שופט, זאָג אין מיך נישט אָפּ: איך וועל טאַקי אויך, זשאַק, מיך פאַרלאָזען אויף דיר, זאָלסט באַטראַכטען אונזער סכסוך.

**זשאַק**

איר פאַרשאַפט מיר דערמיט גרויס כבוד.

**קלעאַנט**

איך האָב מיך פאַרליבט אין אַ יונג מיידעל, וועלכע ענטפערט מיר מיט דיזעלבע געפילען. זי האָט אָנגענומען מיינע ערקלערונגען מיט דער גרעסטער צערטליכקייט. אָבער מיין טאַטען האָט זיך פאַרגלוסט צו צעשטערען אונזער ליבע און ער וויל אַליין מיט איר חתונה האָבען.

**זשאַק**

ער טוט זיכער אַן עולה.

**קלעאַנט**

ווי שעמט ער זיך נישט אין זיינע יאָרען צו וועלען חתונה האָבען? עס קליידט אים שטאַרק צום פנים צו זיין איצט פאַרליבט! ער וואָלט בעסער באַדאַרפט איבערלאָזען אַזעלכע זאַכען פאַר יונגע לייט.

**זשאַק**

איר זענט גערעכט. ער מאַכט חוזק פון זיך אַליין. לאָזט מיך איבעררעדען מיט אים אַ פּאָר ווערטער צו הארפּאַגאָנ׳ען נו, אייער זוהן איז גאָרנישט אַזאַ ווילדער, ווי איר מיינט. אָט קומט צום שכל. ער זאָגט, אַז ער ווייס גאַנץ גוט, אַז ער דאַרף פאַר אייך דרך-ארץ האָבען. פון אָנהויב האָט ער זיך אַביסעל צעהיצט, אָבער איצט איז ער גרייט צו טון וואָס איר וועט אים הייסען, אָבער מיט׳ן תנאי איר זאָלט אים באַהאַנדלען בעסער ווי ביז איצט און זאָלט אים חתונה מאַכען מיט אַ מיידעל, וואָס וועט אים געפעלען.

**האַרפּאַגאָן**

טאָ זאָג אים, זשאַק, אַז דערפאַר וועט ער קאָנען ביי מיר פּועל׳ן

אַלץ און אויסער מאַריאַנע'ן גיב איך אים די פרייהייט זיך אויס-צוקלויבען וועמען ער וויל נאָר.

**זשאַק**

זייט רויג, צו קלעאַנט'ן נו, אייער טאַטע איז גאָרנישט אַזאַ עקשן, ווי איר מיינט. אָט האָט ער מיר ערקלערט, אַז אין כעס איז ער געוואָרען נאָר דערפאַר, ווייל איר האָט זיך צעהיצט. ער זאָגט, אַז אים פאַרדריסט נאָר דער אופן, ווי אַזוי איר פאַרהאַלט זיך, אָבער אַזוי איז ער גרייט אייך נאָכצוגעבען דאָס, וואָס איר פאַר-לאַנגט, אַבי איר זאָלט זיך פירען אַרטיג, איר זאָלט אים אַרויס-ווייזען דעם כבוד און די געהאָרכזאַמקייט, וואָס אַ זוהן דאַרף האָ-בען צו אַ טאַטען.

**קלעאַנט**

קאָנסט אים פאַרזיכערן, זשאַק, אַז אויב ער גיט מיר מאַריאַנע'ן וועל איך אים שטענדיג זיין דער געהאָרכזאַמסטער מענש און וועל קיינמאָל נישט טון אַ זאַך, וואָס זאָל אים זיין דערווידער.

**זשאַק**

צו האַרפּאַגאָנ'ען

ס'איז געמאַכט! ער איז מסכים צו דעם. וואָס איר האָט געזאָגט.

**האַרפּאַגאָן**

אויסגעצייכענט.

**זשאַק**

צו קלעאַנט'ן

די זאַך איז פאַרטיג. ער איז צום [illegible]

**קלעאַנט**

אַ דאַנק דעם אויבערשטען!

**זשאַק**

איצט, מיינע הערען, קאָנט איר שוין ביידע רעדען; איר האָט זיך דאָך שוין אויסגעגלייכט. פריער האָט איר זיך געקריגט, וואָ-רום איינער דעם צווייטען האָט נישט פאַרשטאַנען.

**קלעאַנט**

מיין ליבער זשאַק, איך וועל דיר מיין גאַנץ לעבען דאַנקבאַר זיין.

**זשאַק**

נישטאָ פאַר וואָס, מיין הער.

האַרפּאַגאָן

האָסט מיר אַ גרויסע טובה געטון, זשאַק, און דו האָסט פאַרדינט איך זאָל דיר באַלוינען הארפּאַגאָן זוכט אין קעשענע, זשאַק שטעקט אויס די האַנט, אָבער הארפּאַגאָן נעמט אַרויס פון קעשענע אַ נאָז־טיכעל, זאָגענדיג: יאָ, יאָ, כ'וועל עס האָבען אין זינען, זיי רויג.

זשאַק

איך קוש אייך די האַנט.

## פינפטע סצענע

### האַרפּאַגאָן, קלעאַנט.

קלעאַנט

זיי מיר מוחל, טאַטע, וואָס כ'האָב מיך אַ ביסעל צעהיצט.

האַרפּאַגאָן

ס'מאַכט נישט אויס.

קלעאַנט

איך פאַרזיכער דיך, אַז איך האָב חרטה פון טיפסטען האַרצען.

האַרפּאַגאָן

און איך בין פון טיפסטען האַרצען צופרידען וואָס דו האָסט חרטה.

קלעאַנט

ס'איז פון דיין זייט, טאַטע, אַ גוטסקייט. וואָס דו פאַרגעסט אַזוי גיך דעם פעהלער, וואָס איך האָב געטון...

האַרפּאַגאָן

מען פאַרגעסט לייכט די זינד פון קינדער, ווען זיי געהען אַרויף אויפ'ן וועג פון חרטה.

קלעאַנט

וואָס הייסט! אַז דו טראָגסט שוין געגען מיר קיין שום פאַר־ דרוס נישט?!

האַרפּאַגאָן

צוליב, מיט געהאָרכזאַמקייט און מיט דרך־ארץ פירט מען אַלץ אויס.

קלעאַנט

איך זאָג דיר צו, טאַטע, אַז ביז׳ן טויט אַריין וועל איך נישט פאַרגעסן דיין גוטסקייט.

האַרפּאַגאָן

און איך בין דיר מבטיח, אַז ס׳וועט נישט זיין קיין איין זאַך, וועלכע דו וועסט ביי מיר נישט פּועל׳ן.

קלעאַנט

ניין, טאַטע, איך בעט ביי דיר מער גאָרנישט. ס׳איז שוין פאַר מיר גאַנץ גענוג, אַז דו גיסט מיר מאַריאַנע׳ן.

האַרפּאַגאָן

וואָס?

קלעאַנט

איך זאָג, טאַטע, אַז דו באַפרידיגסט מיך שוין גאַנץ גענוג; קיין בעסערע טובה קאָן שוין פאַר מיר נישט זיין, ווי דאָס, וואָס דו גיסט מיר מאַריאַנע׳ן.

האַרפּאַגאָן

ווער האָט דאָס בדעה דיר צו געבען מאַריאַנע׳ן?

קלעאַנט

דו, טאַטע.

האַרפּאַגאָן

איך?

קלעאַנט

אַודאי דו.

האַרפּאַגאָן

וואָס הייסט? דו האָסט דאָך צוגעזאָגט זיך אָפּצוזאָגען פון איר?

קלעאַנט

איך? זיך אָפּזאָגען?

האַרפּאַגאָן

יאָ.

קלעאַנט

עס הייבט זיך גאָרנישט אָן.

הארפּאַגאָן

הייסט עס, דו האָסט נאָך נישט אויפגעהערט צו האָבען פּרעטענ־
זיעס אויף אירז

קלעאַנט

פּאַרקערט, איצט נאָך שטאַרקער ווי פריער.

הארפּאַגאָן

דו אויסוואורף איינער, דו הויבסט שוין ווידער אָןז

קלעאַנט

יאָ, מיט קיין זאַך וועט מען ביי מיר נישט אויספּירען.

הארפּאַגאָן

וואַרט, באָד־יונג, איך וועל מיך שוין נעמען צו דיר.

קלעאַנט

קאָנסט טון וואָס דו ווילסט.

הארפּאַגאָן

זאָלסט נישט דערוועגען מער זיך צו ווייזען פאַר מיינע אויגען.

קלעאַנט

בין איך אומגליקליךז

הארפּאַגאָן

אַרויס פון שטובז

קלעאַנט

אויך רעכט.

הארפּאַגאָן

דו ביסט מער נישט מיין זוהןז

קלעאַנט

איז נישט.

הארפּאַגאָן

איך בין דיר מעביר נחלה.

קלעאַנט

אויך געפועל׳ס.

הארפּאַגאָן

און איך שיק אַ קללה אויף דיין קאָפּ.

קלעאַנט

איך האָב נישט וואָס צו טון מיט אַזוי פיל מתנות.

# זעקסטע סצענע

## קלעאנט, לא-פלעש.

**לאַ-פלעש**

קומט אַן פון גאָרטען מיט אַ קאַסעטקע

מיין הער! גוט וואָס איך האָב אייך געטראָפען. קומט שנעל מיט מיר.

**קלעאַנט**

וואָס איז געשעהן?

**לאַ-פלעש**

קומט, זאָג איך אייך, מיט מיר: מיר האַלטען גוט.

**קלעאַנט**

וואָס איז?

**לאַ-פלעש**

ס'איז פאַרטיג!

**קלעאַנט**

וואָס איז פאַרטיג?

**לאַ-פלעש**

אַ גאַנצען טאָג האָב איך דערויף געלויערט.

**קלעאַנט**

וואָס איז דאָס אַזוינס?

**לאַ-פלעש**

אייער טאַטענס אוצר האָב איך געפּאַקט.

**קלעאַנט**

ווי אַזוי האָסטו עס געמאַכט.

**לאַ-פלעש**

איר וועט שוין אַלץ וויסען. לאָמיר אַנטלויפען. אָט הער איך אים שוין שרייען.

# זיבעטע סצענע

**הארפאגאן**

שרייענדיג שוין פון גארטען אן

געוואלט, א גנב! כאפט דעם גנב, דעם מערדער, דעם רוצח! גאטעניו, גרויסער גאט, העלף מיר! איך בין פארלוירען, מען האט מיך אוועקגע׳הרג׳עט, מען האט מיך געקוילעט: מען האט מיר צוגענומען מיין געלט. ווער קאן עס זיין? וואו האט ער געקאנט אהינקומען? וואו איז ער? וואו געפינט מען אים? וואס הויבט מען אן צו טון? וואו זאל איך לויפען? וואו זאל איך נישט לויפען? אפשר איז ער דא? אפשר איז ער דארט? ווער איז דאס? שטעה! צו זיך אליין, אנכאפענדיג זיך פאר דער האנט מיין געלט גיב מיר אוועק, געמיינער יונגא! א, דאס בין איך אליין! דער מח איז מיר צעמישט, איך ווייס נישט וואו איך בין, ווער איך בין און וואס איך טו. וועה איז מיר, מיין געלט, מיין ארים געלט, מיין בעסטער פריינט, מען האט דיך דאך צוגענומען פון מיר! אהן דיר בין איך אהן שטיצע, אהן טרייסט, אהן פרייד! פאר מיר איז שוין אלץ געענדיגט, איך האב שוין נישט וואס צו טון אויף דער וועלט. אהן דיר קאן איך נישט לעבען. פאר־טיג, איך קאן שוין נישט מער, איך שטארב אוועק, איך בין שוין געשטארבען. צי איז נישטא עמיצער, וואס זאל מיך לע־בעדיג מאכען, אפגעבען מיר מיין ליב געלט, אדער זאגען ווער עס האט עס צוגענומען? הא? וואס זאגט איר? דאס איז קיינער נישט. דער, וואס האט אפגעטון דאס שטיקעל ארבעט האט מסתמא לאנג מיר נאכגעקוקט און האט אויסגעמיארקירט פונקט די צייט, ווען איך האב גערעדט מיט מיין בן סורר ומורה. מען מוז געהן. איך וועל רופען פאליציי, די גאנצע שטוב וועל איך הייסען דורכנישטערן, אלעמען וועל איך הייסען אויספרעגען: די דינס־טען, די קנעכט, דעם זוהן, די טאכטער און מיך אליין אויך. פון וואנען האט זיך אזא עולם מענשען גענומען!? אויף וועמען איך טו נאר א קוק האב איך א חשד, אין יעדערן זעה איך דעם גנב.

ע׳, וועגען וואָס רעדט מען דאָרט? וועגען דעם גנב? וואָס איז דארט פּאַר אַ גערויש אין דער הויף? איז דאָרט נישטאָ אַמאָל דער גנב? האָט רחמנות, אפשר ווייסט מען דאָר טעפּעס וועגען דעם גנב, זאָל מען מיר זאָגען אפשר באַהאַלט ער זיך דאָרט צווישען אייך? זיי קוקען אַלע אויף מיר און לאַכען. איך וואָלט שווערען, אַז זיי האָבען אַלע אַ יד אין דער גנבה. גיכער, אַהער, קאָמי-סאַרען, פּאָליציי, סאָלדאַטען, ריכטער, קייטען, צוואַנגען, תליות, הענקער! אַלעמען וועל איך הייסען אויפהענגען, און אויב איך וועל מיין געלט נישט אָפּגעפונען, וועל איך מיך אַליין אויפ-הענגען.

פּרהאגג

# פיפטער אקט.

## ערשטע סצענע

האַרפּאַגאָן, אַ קאָמיסאַר.

דער קאָמיסאַר

לאָזט מיר, איך בעט אייך. איך ווייס, אַ דאַנק גאָט, וואָס איך האָב צו טון. נישט פון היינט באַשעפטיג איך מיך מיט אַנט-דעקען גנבות. אַזוי פיל זעק מיט טויזענטער זאָל איך האָבען, וויפיל מענשען עס זענען שוין דורך מיר אויפגעהאָנגען געוואָרען.

האַרפּאַגאָן

די גאַנצע מאַכט איז פּאַראינטערעסירט זיך אָפּצוגעבען מיט דעם ענין, וואָרום אויב מען וועט מיר נישט אָפּגעפונען מיין געלט, וועל איך אפילו די ריכטער שטעלען צום געריכט.

דער קאָמיסאַר

מען דאַרף קודם כל מאַכען די נויטיגע פאָרמאַליטעטען פאַר דער אויספאָרשונג. וויפיל, זאָגט איר, איז געווען אין דער קאַסעטקע.

האַרפּאַגאָן

צען טויזענט רענדלעך מזומן.

דער קאָמיסאַר

צען טויזענט רענדלעך!

הארפאגאָן

ווײנענדיג

צען טויזענט רענדלעך.

דער קאָמיסאַר

אַ גרויסע גנבה.

הארפאַגאָן

ס'איז נישטאָ קיין גענוג גרויזאַמער טויט פאַר אַזאַ מורא'דיגען פאַרברעכען, און אויב דאָס וועט בלייבען אומבאַשטראָפט, איז מען שוין נישט זיכער מיט די הייליגסטע זאַכען.

דער קאָמיסאַר

אין וועלכע מטבעות איז דאָס געלט געווען?

הארפאַגאָן

אין עכטע, גראָבע לואידאָרען און פּיסטאָלען.

דער קאָמיסאַר

וועמען זענט איר חושד אין דער גנבה?

הארפאַגאָן

אַלעמען. און איך וויל טאַקי איר זאָלט אַרעסטירען די גאַנצע שטאָט מיט די פאָרשטעטלעך.

דער קאָמיסאַר

פאָלגט מיך און לאָמיר דערווייל אויף קיינעם קיין מורא נישט אַרויפוואַרפען. מען דאַרף פריער זעהן שטילערהייט אַרויסצובאַקומען עטליכע באַווייזען און דערנאָך ערשט זיך אַ נעם-טון מיט דער גרעסטער שטרענגקייט אָפּצונעמען צוריק דאָס גע'גנב'עטע געלט.

## צווייטע סצענע

### הארפאגאָן, דער קאָמיסאר, זשאק.

זשאַק

טיף אין דער סצענע, זיך אומקערענדיג צו דער טיר, דורך וועלכער ער איז אריין

איך קום באַלד צוריק. זאָל מען אים באַלד קוילען, זאָל מען אים די פיס אָפּסמאַליען. זאָל מען אים אַריינלעגען אין געקאָכט

וואַסער און דערנאָך אויפהענגען אויפ׳ן טופּיט

הארפּאַגאָן

צו זשאַק׳ן

וועמען איז דאָס? דעם גנבֿ?

זשאַק

איך רעד וועגן אַ קליין חזיר׳ל, וואָס אייער עקאָנאָם האָט מיר אָקאָרשט צוגעשיקט. איך וויל אים צורעכט מאַכן אויף מיין שטייגער.

הארפּאַגאָן

נישט וועגן דעם האַנדעלט זיך דאָ. אָט וועסטו דאַרפן מיט דעם הער רעדן וועגן עפּעס אַנדערש.

דער קאָמיסאַר

צו זשאַק׳ן

שרעקט זיך נישט, שרעקט זיך נישט. איך וועל אייך קיין בייז נישט טון. מיר וועלן עס מאַכן מיט גוטען.

זשאַק

דער הער איז פאַרבעטען צו אייך אויף אָווענט-ברויט?

דער קאָמיסאַר

מיין ליבער פריינט, מען דאַרף דערצעלען אַלץ, מען טאָר גאָרנישט באַהאַלטען פון בעל-הבית.

זשאַק

כ׳לעבען, איך וועל אייך וועיזען וואָס איך קאָן. איך וועל מיט אַלע מעגליכקייטען זעהן, איר זאָלט פון דער סעודה צופרידען זיין.

הארפּאַגאָן

נישט וועגען דעם האַנדעלט זיך דאָ.

זשאַק

און אויב עס וועט פונדעסטוועגען נישט אַרויסקומען אַזוי ווי איך וואָלט געוואָלט, וועט שולדיג זיין אין דעם אייער עקאָנאָם, וועלכער דערגעהט מיר די יאָרען מיט זיין שפּאָרזאַמקייט.

הארפּאַגאָן

אויסוואורף! עס האַנדעלט זיך נישט וועגען אָווענט-ברויט. איך וויל, דו זאָלסט מיר די מינוט זאָגען, וואו איז דאָס געלט, וואָס

מען האָט ביי מיר גע׳גנב׳עט.

ז ש אַ ק

מען האָט ביי אייך געלט גע׳גנב׳עט?

ה אַ ר פּ אַ ג אָ ן

יאָ, געמיינער יונג, און באַלד ביסטו ביי מיר אַנ׳אויפגעהאָנגענער, אויב דו גיסט נישט אָפּ צוריק.

ד ע ר ק אָ מ י ס אַ ר

גאָט מיינער, שרייט נישט אַזוי אויף אים. איך זעה אויף זיין פּנים, אַז ער איז אַנ׳ערליכער מאַן. מען וועט אים נישט דאַרפען זעצען אין תּפיסה; ער וועט אַזוי אויך אויסזאָגען אַלץ, וואָס איר דאַרפט. יאָ, מיין פריינט, אייב איר וועט אונז זאָגען דעם גאַנצען אמת, וועט מען אייך קיין שלעכטס נישט טון; פאַרקערט, אייער בעל-הבית וועט אייך נאָך, ווי געהעריג, באַפרידיגען. מען האָט ביי אים היינט צוגע׳גנב׳עט זיין געלט און עס איז אוממעגליך, איר זאָלט נישט וויסען עפּעס וועגען דעמדאָזיגען ענין.

ז ש אַ ק

בּטיל צו זיך

אָט דאָ האָב איך אַ גוטע געלעגענהייט מיך נוקם צו זיין אין דעם עקאָנאָם. זינט ער איז אַהער־געקומען איז ער דאָ אַ גאַנצער קנאַקער, מען טאָר אים גאָר אַ וואָרט נישט זאָגען. איך געדענק נאָך גוט די קלעפּ, וואָס ער האָט מיר געגעבען מיט׳ן שטעקען.

ה אַ ר פּ אַ ג אָ ן

וואָס האָסטו אַזוי פיל צו טראַכטען?

ד ע ר ק אָ מ י ס אַ ר

צו הארפּאַגאָנ׳ען

לאָזט אים אָפּ. ער וויל זיך, קענטיג, דערמאָנען ווי אַזוי דאָס איז געווען. איך האָב אייך געזאָגט, אַז ער איז אַנ׳ערליכער מאַן.

ז ש אַ ק

מיין הער, וויבאַלד איר ווילט דוקא איך זאָל אייך זאָגען דעם אמת, וועל איך אייך זאָגען: איך גלויב, אַז דאָס שטיקעל אַרבעט האָט אָפּגעטון אייער ליבער עקאָנאָם.

האַרפּאַגאָן

וואַלער?

זשאַק

יאָ.

האַרפּאַגאָן

ער, וועלכער האָט אויסגעזעהן צו זיין אַזאַ געטרייער?

זשאַק

יאָ, טאַקי ער. איך גלויב, אַז דאָס האָט ער אייך באַ׳גנב׳עט.

האַרפּאַגאָן

אויף וואָס פאַר אַ סמך זאָגסטו דאָס?

זשאַק

אויף וואָס פאַר אַ סמך?

האַרפּאַגאָן

יאָ.

זשאַק

איך גלויב אַזוי, ווייל... איך גלויב אַזוי.

דער קאָמיסאַר

אָבער איר מוזט זאָגען די באַווייזען, וואָס איר האָט.

האַרפּאַגאָן

האָסט אים אפשר געזעהן זיך אַרומדרעהען אַרום דעם אָרט, וואו איך האָב אַוועקגעלעגט מיין געלט.

זשאַק

יאָ, איך האָב אים טאַקי געזעהן. וואו האָט איר געהאַלטען אייער געלט?

האַרפּאַגאָן

אין גאָרטען.

זשאַק

יאָ, יאָ, איך האָב אים טאַקי געזעהן אין גאָרטען. און אין וואָס איז דאָס געלט געלעגען?

האַרפּאַגאָן

אין אַ קאַסעטקע.

זשאַק

אָט איז דאָס. איך האָב אים טאַקי געזעהן, האַלטענדיג אַ קאַסעטקע.

האַרפּאַגאָן

און ווי האָט זי אויסגעזעהן, די קאַסעטקע? לאָמיך זעהן, צי דאָס איז טאַקי געווען מיינע.

זשאַק

ווי אַזוי זי האָט אויסגעזעהן?

האַרפּאַגאָן

יאָ.

זשאַק

זי האָט אויסגעזעהן, ווי אַ קאַסעטקע.

דער קאָמיסאַר

דאָס פאַרשטעהט מען. אָבער שילדערט איר אָפּ אַ ביסעל, לאָמיר זעהן...

זשאַק

אַ גרויסע קאַסעטקע.

האַרפּאַגאָן

און מיינע איז פּונקט געווען אַ קליינע.

זשאַק

נו, יאָ... מען קאָן אָננעמען, אַז די איז געווען אַ קליינע. איך זאָג, אַ גרויסע לויט דעם תּוך, וואָס אין איר איז געווען.

דער קאָמיסאַר

און פון וואָס פאַר אַ קאָליר איז זי געווען?

זשאַק

פון וואָס פאַר אַ קאָליר?

דער קאָמיסאַר

יאָ.

זשאַק

די איז געווען לויטן קאָליר... זי איז געווען...

האַרפּאַגאָן

האַ?

ישאַק

איז זי נישט געווען אַמאָל אַ רויטע?

האַרפּאַגאָן

ניין, אַ גרויע.

ישאַק

יאָ, יאָ, טאַקי באמת... איך האָב געוואָלט זאָגן: אַ רויט-גרויע.

האַרפּאַגאָן

עס איז קיין שום ספק נישטאָ, דאָס איז דיזעלבע קאַסעטקע. פאַרשרייבט זיין ערקלערונג. רבונו של עולם! וועמען זאָל מען שוין גלויבען? מען טאָר שוין איצט פאַר קיינעם נישט שווערען. איך הויב שוין איצט אָן צו גלויבען, אַז איך קאָן מיך אַליין באַ'גנב'ענען.

ישאַק

צו האַרפּאַגאָנ'ן

אָט קומט ער טאַקי אָן. איך בעט' אייך, זאָגט אים נישט לכל הפחות, אַז איך האָב עס אייך געזאָגט.

## דריטע סצענע

האַרפּאַגאָן, דער קאָמיסאַר, וואַלער, ישאַק.

האַרפּאַגאָן

אַהער-צו גיה נעענטער. זיי זיך מודה אין דער שרעקליכסטער מאַט, אין דעם מורא'דיגסטען פאַרברעכען, וואָס איז ווען עס איז באַגאַנגען געוואָרען.

וואַלער

וואָס פאַרלאַנגט דער הער?

האַרפּאַגאָן

ס'טייטש, דו אויסוואורף איינער! דו חערסט גאָרנישט רויט פון דיין פאַרברעכען?

וואַלער

וועגען וועלכען פאַרברעכען רעדט דער הער?

האַרפּאַגאָן

וועגען וועלכען פאַרברעכען איך רעד, געמיינער יונג? פונקט ווי

ער וואָלט, נעבעך, גאָרנישט וויסען פון וואָס צו זאָגען! האָסט אַ
ספק אויב דו מיינסט, אַז דו וועסט מיך פאַרשווינדלען. די זאַך
איז אַנטדעקט, מען האָט מיר שוין אַלץ באַצאָלט. אַזוי מיר צו
באַצאָלען פאַר מיין גוטסקייט?! אַריינגעקריגען זיך צו מיר אין
שטוב אַריין בכיון, כדי מיך צו פאַראַטען, אָפּצוטון אַזאַ שפּיצעל!

חאַלער

וויבאַלד דער הער ווייס שוין אַלץ, וויל איך שוין נישט זוכען
קיין הינטער-וועגעלעך און לייקענען פאַר אייך.

זשאַק

צו זיך

האָ! האָ! הייסט עס, האָב איך דאָך, גאָרנישט ווילענדיג, גע-
טראָפען!

חאַלער

איך האָב שוין לאַנג געהאַט בדעה צו רעדען מיט אייך וועגען
דעם און איך האָב געוואַרט אויף אַ גינסטיגע געלעגענהייט. ווי-
באַלד אָבער ס'איז אַזוי געשעהן בעט איך אייך זיך נישט צו
בייזערן און אויסהערען מיינע מאָטיוען.

האַרפּאַגאָן

וועלכע מאָטיווען קאָנסטו מיר דאָ געבען, דו נידערטרעכ-
טיגער גנב?

וואַלער

אָ, מיין הער, אַזעלכע ווערטער האָב איך נישט פאַרדינט. אמת,
איך האָב געטון געגען אייך אַנ׳עולה, אָבער נאָך אַלעמען איז
דאָס נישט געוואַלדיג.

האַרפּאַגאָן

ס'טייטש נישט געוואַלדיג! אַזוי אַריינגאַרען אין אַ נעק, אַזוי
באַרויבען!

חאַלער

איך בעט אייך בייזערט זיך נישט אַזוי, אַז איר וועט מיך אויס-
הערען, וועט איר זעהן, אַז עס איז גאָרנישט אַזוי שרעקליך, ווי
איר מאַכט עס.

הארפאגאן

ס׳איז גאָרנישט אַזוי שרעקלין, ווי איך מאַך עס? האָ? מיין בלוט, מיין פלייש, געמיינער יונג!

וואַלער

אייער בלוט און פלייש, מיין הער, איז נישט אריינגעפאַלען אין קיין שלעכטע הענט. איך בין נישט פון אַזאַ שטאַנד, אַז איר זאָלט זיך האָבען מיט מיר צו שעמען און אייגענטליך איז גאָר־נישט געשעהן אַזוינס, וואָס מען זאָל נישט קאָנען פאַריכטען.

הארפאַגאָן

יאָ, יאָ, איך מיין טאַקי אַזוי, און דו ווערסט טאַקי מוחל זיין מיר אָפּגעבען דאָס, וואָס דו האָסט צוגענומען.

וואַלער

אייער כבוד, מיין הער, וועט נישט אָנגערירט ווערען אויף אַ האָר.

הארפאַגאָן

דאָ געהט נישט אין כבוד. זאָג מיר אָבער, צוליב וואָס האָסטו עס געטון?

וואַלער

אָ, צי דען דאַרפט איר מיך עס פרעגען?

הארפאַגאָן

יאָ, יאָ, איך וואָלט עס טאַקי וועלען וויסען.

וואַלער

עס האָט מיך געשטויסען דערצו אַ געטליכע קראַפט, וואָס טראָגט מיט זיך די אַנטשולדיגונג פאַר אַלע פעהלערן, ווען זי הייסט טון: די ליבע.

הארפאַגאָן

די ליבע?!

וואַלער

יאָ.

הארפאַגאָן

אַ שיינע ליבע, ניש׳קשה פון אַ ליבע, ווי איר זעהט מיך לעבען! די ליבע צו מיינע לואידאָרען.

**װאַלער**

ניין, מײַן הער, נישט אײַער רײַכטום האָט מיך געצויגען, נײַערס דאָס האָט מיך אַזוי געצויבערט. איך שווער אײַך, אַז איך זאָג מיך אָפּ פֿון צו נעמען בײַ אײַך דאָס קלענסטע פֿון אײַער פֿאַר־מעגען, אַבי איר זאָלט מיר איבערלאָזען דעם אוצר, וואָס איך האָב שוין.

**האַרפּאַגאָן**

צו אַלדע שוואַרצע יאָר, עס הויבט זיך נישט אָן! איך וועל ניט לאָזען. געזעהן אַ חוצפּה! ער וויל גאָר צונעמען פֿאַר זיך די גנבה!

**װאַלער**

איר רופֿט עס: „אַ גנבה"?

**האַרפּאַגאָן**

ווי דען זאָל איך עס רופֿען? אַזאַ אוצר!

**װאַלער**

אמת, דאָס איז אַן'אוצר, דער טײַערסטער שאַץ, וואָס איר פֿאַר־מאָגט; אָבער איר פֿאַרלירט אים נישט דערמיט, וואָס איר לאָזט מיר אים איבער. איך פֿאַל אײַך צו די פֿיס און בעט בײַ אײַך דעם דאָזיגען פּרעכטיגען אוצר, און אויב איר ווילט טון גוטס, טאָרט איר מיר נישט אָפּזאָגען.

**האַרפּאַגאָן**

אָבער עס פֿעלט מיר גאָר נישט אײַן. וואָס זאָל דאָס הייסען אַזוינס?

**װאַלער**

מיר האָבען אײַנער דעם צווייטען געשוואוירען זיך צו זײַן געטרײַ און זיך נישט צו שיידען.

**האַרפּאַגאָן**

— כ'לעבען, די שבועה געפֿעלט מיר!

**װאַלער**

יאָ, מיר האָבען זיך פֿאַרפֿליכטעט אייביג צו געהערען אײנער דעם צווייטען.

**האַרפּאַגאָן**

דאָס וועלען מיר נאָך סאַקי זעהן, בעגסט מיר גלויבען!

וואַלער

נאָר דער טויט וועט אונז קאָנען צעשיידען.

האַרפּאַגאָן

דאָס הייסט אַביסעל איינגעכליאַפּעט אין מיין געלט.

וואַלער

איך האָב אייך שוין געזאָגט, מיין הער, אַז נישט צוליב געלט-גייציגקייט האָב איך געטון דאָס, וואָס איך האָב געטון. נישט דאָס, וואָס איר מיינט. האָט באַוואויגען מיין האַרץ, אַ העכערער, שענערער מאָטיוו האָט מיך געשטויסען צו דעם דאָזיגען שריט.

האַרפּאַגאָן

זעהט נאָר, זעהט! דאָס האָט ער אויס רחמנות געוואָלט צונעמען פון 'מיר מיין גוטס. אָבער וואַרט, חצוף מהוצף, איך וועל דיר שוין ווייזען! דאָס געריכט וועט שוין מיט דיר לערנען דרך-ארץ!

וואַלער

טוט ווי איר פאַרשטעהט, איך בין גרייט אויסצושטעהן אַלץ. אָבער איך פאַרזיכער אייך, אויב דאָ איז געשעהן אַנ'עולה, דאַרף מען נאָר מיך אַליין באַשולדיגען אין איר. אייער טאָכטער איז אין דעם אַלעם אַבסאָלוט אומשולדיג.

האַרפּאַגאָן

איך מיין עפּעס! עס וואָלט טאַקי, כ'לעבען, מער נישט געפעהלט, אַז מיין טאָכטער זאָל זיין פאַרמישט אין אַזאַ פאַרברעכען. אָבער קודם-כל דאַרף איך צוריק באַקומען דאָס מייניגע. זייט אַזוי גוט און זייט זיך מודה, וואו דו האָסט עס באַהאַלטען.

וואַלער

איך?... איך האָב זי אפילו נישט אָנגעהויבען צו צונעמען. זי איז נאָך ביי אייך.

האַרפּאַגאָן

(צו זיך)

אָ, מיין האַרציגע קאַסעטקע! הויך זי איז נאָך נישט אַרויס פון מיין שטוב, זאָגסטו?

וואַלער

ניין, מיין הער.

**האַרפּאַגאָן**

זאָג מיר נאָר, צי האָסטו זי אַמאָל נישט גערירט?

**וואַלער**

איך?! איך וועל זי רירען? אָ, איר באַליידיגט דערמיט סיי זי, סיי מיך, איך האָב געברענט צו איר בלויז מיט ריינע, ערליכע געפילען.

**האַרפּאַגאָן**

צו זיך

ער האָט געברענט נאָך מיין קאַסעטקע!

**וואַלער**

איך וואָלט בעסער געשטאָרבען, איידער איר אַרויסצוווייזען אַ וועלכען עס איז באַליידיגענדיגען געדאַנק. צו אַנשטענדיג און אָרענטליך איז זי, אום איך זאָל מיר ערלויבען עפּעס.

**האַרפּאַגאָן**

צו זיך

מיין קאַסעטקע איז אָרענטליך!

**וואַלער**

מיין באַגער האָט זיך באַגרענעצט נאָר מיט'ן געניסען פון קוקען אויף איר. קיין שום פאַרברעכערישע זאַך האָט נישט פאַרשוועכט די ליידענשאַפט, וואָס אירע שענע אויגען האָבען אַרויסגערופען אין מיר.

**האַרפּאַגאָן**

צו זיך

די שענע אויגען פון מיין קאַסעטקע! ער רעדט וועגען איר, ווי אַ חתן וועגען זיין כלה.

**וואַלער**

מיין הער, די פרוי קלאָד ווייסט דעם גאַנצען אמת. זי וועט עס אייך באַשטעטיגען.

**האַרפּאַגאָן**

וואָס?! מיין דינסט האָט אויך אַ יד אין דעם ענין?

**וואַלער**

יאָ, מיין הער, זי איז געווען די עדות'טע פון אונזער געענזיי-

סיגער פאַרפליכטונג. אַז זי האָט זיך איבערצייגט, אַז מיין ליבע איז אַנ׳ערליכע, האָט זי מיר געהאָלפען ווירקען אויף אייער טאָכ-טער, זי זאָל מיר געבען איר יאָ-וואָרט און אָננעמען מיין וואָרט.

האַרפּאַגאָן

האַ! צו זיך צי די מורא פאַר׳ן געריכט האָט אים אַמאָל נישט צעמישט, דעריבער רעדט ער פון וועג? צו װאלער׳ן וואָס דרעהסטו דאָ דעם מח וועגען מיין טאָכטער?

וואַלער

איך זאָג, אַז ס׳איז מיר אָנגעקומען מיט די גרעסטע שוועריגקיי-טען איידער איך האָב באַקעמפט איר שעמעוודיגקייט און גע׳-פועל׳ט ביי איר, זי זאָל אָננעמען מיין ליבע.

האַרפּאַגאָן

וועמענס שעמעוודיגקייט?

וואַלער

אייער טאָכטער׳ס. ערשט נעכטען האָט זי, ענדליך, קוים איינגע-שטימט אונטערצושרייבען אונזער געגענזייטיגעס יאָ-וואָרט.

האַרפּאַגאָן

מיין טאָכטער האָט דיר אונטערגעשריבען איר יאָ-וואָרט?

וואַלער

יאָ, מיין הער. דאָסזעלבע האָב איך געטון פון מיין זייט.

האַרפּאַגאָן

גאָט! אַ נייער אומגליק!

זשאַק

צום קאָמיסאַר

שרייבט, שרייבט.

האַרפּאַגאָן

אַנ׳אומגליק אויף אַנ׳אומגליק, אַ קלאַפּ נאָך אַ קלאַפּ. צום קאָמיסאַר נו, מיין הער, טוט אייער פליכט און מאַכט געגען אים אַ פּראָ-טאָקאָל, אַלס געגען אַ גנב און אַ פאַרפירער.

זשאַק

אַלס געגען אַ גנב און אַ פאַרפירער.

**וואַלער**

אַזעלכע נעמען האָב איך נישט פאַרדינט, און אַז מען וועט זיך דערוויסען ווער איך בין...

## פירטע סצענע

### האַרפּאַגאָן, עליזא, מאַריאַנע, וואַלער, פראָזינע, זשאַק, דער קאָמיסאַר.

**האַרפּאַגאָן**

אַך, געמיינע טאָכטער וואָס דו ביסט! אומווירדיגע טאָכטער פאַר אַזאַ טאַטען, ווי איך! אָט אַזוי פאָלגסטו דאָס, וואָס איך האָב דיך געלערנט! שלעפּסט זיך אַריין אין אַ ליבע מיט אַ געמיינעם גנב און גיסט אים דיין וואָרט אָהן מיין הסכמה! אָבער איר האָט זיך ביידע אָפּגענאַרט (צו עליזאַ׳ן) דו וועסט ביי מיר אין אַ קלויסטער פאַרפוילט ווערען (צו וואַלער׳ן) און דו, אומפאַרשעמטער באָד-יונג, וועסט באַצאָלען פאַר דיין חוצפה מיט אַ שטריקעל אויפ׳ן האַלז.

**וואַלער**

נישט איר מיט אייער ליידענשאַפט וועט דאָ האָבען צו באַשליסען. מען וועט דאָך מיך מסתמא אויסהערען איידער מען וועט מיך פאַרמשפּט׳ן!

**האַרפּאַגאָן**

וואָס זאָג איך: מיט אַ שטריקעל אויפ׳ן האַלז! מען וועט דיך לעבעדיגערהייט צעפירטלען!

**עליזאַ**

(פאַלט האַרפּאַגאָנ׳ען צו די פיס)

אַך, טאַטע! זייט אַביסעל מענשליכער, איך בעט דיך! דערפירט נישט דיין פאָטער-מאַכט ביז צו די לעצטע גרענעצען. לאָז זיך נישט באַהערשען דורכ׳ן ערשטען שטורם פון דיין ליידענשאַפט באַטראַכט אַביסעל וואָס דו ווילסט טון. גיב זיך די מיה בעסער צו דערקענען דעם, דורך וועלכען דו האָסט דיך אַזוי באַליידיגט.

ער איז גאָרנישט אַזאַ, ווי דיר דוכט זיך, טאַטע. ווען דו וואָלסט וויסען, אַז ווען נישט ער וואָלסטו מיך שוין לאַנג נישט געהאַט, וואָלט ביי דיר שוין נישט אויסגעקומען אַזוי מאָדנע דאָס, וואָס איך האָב אים אָפּגעגעבען מיין האַרץ. יאָ, טאַטע, דאָס האָט ער מיך געראַטעוועט פון יענער שרעקליכער געפאַר, אין וועלכער איך בין, ווי דו ווייסט, געווען. דאָס האָסטו אים צו פאַרדאַנקען דאָס לעבען פון דערזעלבער טאָכטער, וועלכע...

הארפאַגאָן

דאָס אַלץ איז גאָרנישט. פון מיינעטוועגען וואָלט ער דיך בע-סער געמעגט לאָזען דערטרונקען ווערען איידער צו טון דאָס, וואָס ער האָט אָפּגעטון.

עליזא

טאַטע, איך בעט דיך אין נאָמען פון דיין פאָטער-ליבע...

הארפאַגאָן

ניין, ניין, איך וויל גאָרנישט הערען. דאָס געריכט וועט טון דאָס זייניגע.

זשאַק

צו זיך

וועסט מיר שוין איצט באַצאָלען פאַר די קלעפּ מי'ן שטעקען.

פראָזינע

צו זיך

אָט האָסטו אַ שענע מעשה, כ'לעבען.

## פיפטע סצענע

אנסעלם, הארפאַגאָן, עליזא, מאַריאַנע, פראָזינע, וואַלער, דער קאָמיסאַר, זשאַק.

אַנסעלם

וואָס איז דאָס מיט אייך, הער הארפאַגאָן? עפּעס איר זענט אַזוי צעטראָגען.

האַרפּאַגאָן

אָך, הער אַנסעלם, איך בין דער אומגליקליכסטער מענש אויף דער וועלט! אַ שענע חתונה האָט מען מיר אָפּגעשפּילט אין דעם טאָג פון די תנאים! מען האָט מיך דער׳הרג׳עט, מען האָט מיר אַוועקגערויבט מיין פאַרמעגען, מיין עהרע. אָט־אָ־דער פאַררעטער, דער אויסוואורף האָט פאַרשוועכט דאָס הייליגסטע אויף דער וועלט. ער האָט זיך אַריינגעקריגען צו מיר אין הויז, כלומר׳שט אַלס דינער, כדי אַוועקצורויבען מיין געלט און צו פאַרפירען מיין טאָכטער.

וואַלער

ווער טראַכט וועגען אייער געלט? וואָס דרעהט איר אַ מח?

האַרפּאַגאָן

יאָ, זיי האָבען איינער דעם צווייטען געגעבען דאָס וואָרט חתונה צו האָבען. דאָס רירט אָן קודם־כל אייך, הער אַנסעלם, און דע־ריבער דאַרפט איר נעמען די זאַך אין אייער האַנט, אויף איי־ערע קאָסטען. איר דאַרפט אים אָנקלאָגען אין געריכט און זיך נוקם זיין אין אים פאַר זיין חוצפּה.

אַנסעלם

איך האָב נישט בדעה צו צווינגען מיט געוואַלט מען זאָל מיט מיר חתונה האָבען; איך וויל זיך נישט יאָגען נאָך אַ האַרץ, וואָס איז שוין פאַרנומען. אָבער אויף וויפיל עס האַנדעלט זיך וועגען אייערע אינטערעסען, בין איך גרייט זיי צו פאַרטיידיגען, פּונקט ווי מיינע אייגענע.

האַרפּאַגאָן

אָט איז דער קאָמיסאַר, זער אַנ׳ערליכער מאַן. ער האָט מיר צו־געזאָגט צו טון אַלץ, וואָס מען דאַרף צום קאָמיסאַר אָנווייזענדיג אויף האַלער׳ן זייפט אים איין ווי געהעריג, שטעלט פאָר די זאַך וואָס פאַרברעכערישער.

וואַלער

איך זעה נישט, אין וואָס פאַר אַ פאַרברעכען מען קאָן מיך באַ־שולדיגען דערפאַר, וואָס איך ליב אייער טאָכטער און פאַרוואָס מיר קומט אַזאַ שווערע שטראָף, צו וועלכער איר ווילט מיך

פאַר'משפּט'ן. אַז מען וועט זיך דערוויסען וועך איך בין...

הארפּאַגאָן

איך לאַך פון די אַלע מעשיות. היינטיגע וועלט איז פול מיט מיוחס'דיגע גנבים. וויפיל איז פאַראַן אַזעלכע שווינדלער, וואָס נוצען-אויס דאָס, וואָס קיינער קען זיי נישט און באַקליידען זיך חוצפּה'דיג מיט'ן ערשטען בעסטען אַדעל-נאָמען...

וואַלער

זייט וויסען, אַז איך בין צו-אָרענטליך, אום זיך צו באַפּוצען מיט עפּעס, וואָס געהערט נישט צו מיר. גאַנץ נעאַפּאָל קען עדות זאָגען וועגען מיין יחוס.

אַנסעלם

הערט נאָר, זייט פאָרזיכטיג. איר ווייסט גאָרנישט וויפיל איר ריזיקירט דאָ. איר רעדט דאָ פאַר אַ מענשען, וועלכער קען גוט גאַנץ נעאַפּאָל און וועלכער קאָן דערוויבער זער לייכט זעהן, וואָס פאַר אַ ווערט עס האָבען אייערע מעשיות.

וואַלער

אָנטוענדיג שטאָלץ זיין הוט

איך האָב פאַר קיין זאַך נישט מורא צו האָבען. אויב נעאַפּאָל איז אייך טאַקי באַקאַנט, ווייסט איר מסתמא, ווער ס'איז געווען דאָן טאָמאַס ד'אַלבורסי.

אַנסעלם

גוואַי ווייס איך. ווייניג מענשען האָבען אים אַזוי געקענט, ווי איך...

הארפּאַגאָן

דאָן טאָמאַס, אָדער דאָן מאַרטען—מיר געהט דאָס אַלץ אָן, ווי דער פאַר-אַ-יאָריגער שניי. זעהענדיג, אַז עס ברענען צוויי ליכט לעשט ער אויס איינס.

אַנסעלם

אָבער, אום גאָט'ס ווילען, לאָזט אים רעדען: לאָמיר נאָר הערען וואָס ער וויל דאָ זאָגען.

וואַלער

איך וויל זאָגען, אַז דאָס איז ער מיין פאָטער.

אנסעלם

ערז!

וואַלער

יאָ, ער.

אנסעלם

איר מאַכט חוזק, יונגער מאַן! זולט אייך אויס עפּעס אַנ׳אַנדערע מעשה, וועלכע זאָל אייך בעסער געלונגען. מיט אַזאַ שווינדעל וועט איר זיך ניט ראַטעווען.

וואַלער

איך וואָלט אייך בעטען זיך רעכענען מיט די ווערטער! דאָס איז נישט קיין שווינדעל. איך זאָג קיינמאָל נישט אַזוינס, וואָס איך זאָל נישט קאָנען דערווייזען.

אנסעלם

ווי?! איר האָט די הוצפה זיך אָנצוגעבען אַלס זוהן פון דאָן טאָמאַס ד׳אלבורסי?

וואַלער

יאָ, איך האָב די חוצפה! און איך בין גרייט עס צו דערקלערען פאַר וועמען איר ווילט.

אנסעלם

די חוצפה איז באמת אַנ׳אומערהערטע. זייט-זשע וויסען, כדי איר זאָלט זעהן ווי מאוס איר זענט אַריינגעפאַלען, אַז מיט זעכצען יאָר צוריק איז דער מאַן, וועגען וועלכען איר רעדט, אומגעקומען אויפ׳ן ים צוזאַמען מיט זיין ווייב און קינדער. ער האָט געוואָלט ראַטעווען זיך און זיין פאַמיליע פון די גרויזאַמע רדיפות בעת די אומאָרדנונגען אין נעאַפּאָל, צוליב וועלכע פיל פאַמיליעס פונ׳ם אַדעל האָבען געמוזט אַנטלויפען.

וואַלער

יאָ, אָבער זייט וויסען, כדי איר זאָלט זעהן ווי מאוס איר זענט אַריינגעפאַלען, אַז איינער אַ זוהן, וואָס איז אַלט געווען זיבען יאָר, איז צוזאַמען מיט אַ דינער געראַטעוועט געוואָרען דורך אַ שפּאַנישען שיף און דער דאָזיגער געראַטעוועטער זוהן, איז נישט קיין אַנדערער, ווי דער וואָס רעדט מיט אייך. זייט וויסען אויך,

אַז דער קאַפּיטאַן פֿון דער דאָזיגער שיף, זייענדיג געריהרט דורך מיין שיקזאַל, האָט מיך שטאַרק ליב באַקומען. ער האָט מיך אויפגעהאָדעוועט, ווי זיינס אַנ'אייגען קינד און ווען איך בין על־טער געוואָרען, בין איך אַריינגעטרעטען אין מיליטער. מיט אַ קורצער צייט צוריק האָב איך מיך דערוואוסט, אַז מיין פאָטער איז גאָרנישט אומגעקומען, ווי איך האָב שטענדיג געמיינט. אַרום־פאָרענדיג אים זוכען, בין איך אָנגעקומען אַהער און דאָ האָט מיר גאָט געגעבען די געלעגענהייט צו באַגעגענען די פּרעכטיגע עליזא, באַלד ווי איך האָב זי דערזעהן, בין איך געוואָרען אַ שקלאַף פֿון איר שענקייט. מיין הייסע ליבע פֿון איין זייט און איר פאָטער'ס שטרענגקייט פֿון דער צווייטער, האָבען געבראַכט דערצו, אַז איך האָב באַשלאָסען מיך אַריינצוקריגען אין דעם הויז און צו שיקען אַנ'אַנדערען זוכען מיינע עלטערן.

**אַנסעלם**

און וועלכע באַווייזען, אויסער אייערע ווערטער, קאָנט איר נאָך ברענגען, אַז די גאַנצע געשיכטע איז נישט אַ ליגען, וואָס איז אויסגעבויט געוואָרען אויף אַנ'אמת'ן פאַקט.

**וואַלער**

באַווייזען? דער שפּאַנישער קאַפּיטאַן, אַ דימענטענע חתימה, וועלכע האָט געהערט צו מיין פאָטער, אַ בראַסלעט פֿון אַגאַט, וועלכע מיין מוטער פלעגט טראָגען, דער אַלטער פּעדראָ, דער דינער, וואָס האָט זיך געראַטעוועט צוזאַמען מיט מיר.

**מאַריאַנע**

הערענדיג אייערע ווערטער, וואָלט איך אויך געקאָנט באַשטעטי־גען, אַז איר זאָגט נישט קיין ליגען, וואָרום לויט דעם, וואָס איר דערצעלט, קומט אויס, אַז איר זענט נישט קיין אַנדערער, ווי מיין ברודער.

**וואַלער**

איר—מיין שוועסטער?!

**מאַריאַנע**

יאָ, יאָ. באַלד ווי איר האָט דאָס מויל געעפענט האָט דאָס האַרץ ביי מיר אַ ציטער געטון. אונזער מוטער, וועלכע וועט באַלד

אזוי דערפרעהט ווערען, האָט מיר טויזענטער מאָל דערצעלט ווע-
גען דעם אומגליק פון אונזער פאַמיליע. אויך אונז האָט גאָט גע-
ראַטעוועט פון טויט אין יענעם שרעקליכען אומגליק, אָבער ער
האָט אונז געשאָנקען דאָס לעבען פאַר'ן פרייז פון אונזער פריי-
הייט. ים-רויבער האָבען אונז אַראָפּגענומען פון די חורבות פון
אונזער שיף. צען יאָר זענען מיר געווען שקלאַפען און דאַן
האָט אַ גליקליכער צופאַל אונז צוריקגעגעבען אונזער פרייהייט.
מיר האָבען זיך אומגעקערט קיין נעאַפּאָל, אָבער אונזער גאַנץ
פאַרמעגען האָבען מיר שוין געפונען פאַרקויפט און קיין ידיעות
וועגען אונזער פאָטער האָבען מיר דאָרט אויך נישט געפונען.
מיר זענען אַריבערגעפאָרען קיין גענוא, וואו מיין מוטער האָט
צונויפגעקליבען עטליכע קלאָגעדיגע רעשטלעך פון אונזער צע-
כאַפּטער ירושה. דאָרט אָבער האָט זי נישט געקאָנט בלייבען צו-
ליב די רדיפות פון אונזערע קרובים און זי איז אַריבערגעפאָרען
צוזאַמען מיט מיר אין די מקומות און אַזוי פירט זי דאָ אַ טרוי-
עריג לעבען.

**אַנסעלם**

אָ, גאָט! ווי מעכטיג דו ביסט! ווי גרויס עס זענען דיינע נסים!
לאָמיר זיך צעקושען, קינדער מיינע! פרעהט זיך צוזאַמען מיט
אייער פאָטער!

**וואַלער**

איר זענט אונזער פאָטער?

**מאַריאַנע**

און אייך האָט עס מיין מוטער באַוויינט?

**אַנסעלם**

יאָ, מיין טאָכטער, יאָ, מיין זוהן! דאָס בין איך דאָן טאָמאַס
ד'אַלבורסי. גאָט האָט מיך צוזאַמען מיט מיין געלט, וואָס איך
האָב געהאַט ביי זיך, אָפּגעראַטעוועט פון די כוואַליעס פון ים.
גלויבענדיג, שוין זעכצען יאָר, אַז איר זענט אַלע טויט האָב איך
איצט, נאָך מיין לאַנגען אַרומרייזען, געהאַט בדעה חתונה צו האָ-
בען מיט אַ גוטער און קלוגער פרוי און אַזוי אַרום צו געפונען
אַ טרייסט אין אַ נייעם פאַמיליען-לעבען. אַזוי ווי צוריקקומען

קיין נעאַפּאָל איז פאַר מיר פאַרבונדען געווען מיט לעבענס-גע-פאַר, האָב איך מיך דערפון אויף אייביג אָפּגעזאָגט. איך האָב געפונען אַ מיטעל צו פאַרקויפען אַלץ, וואָס איך האָב דאָרט גע-האַט און האָב מיך באַזעצט דאָ אונטער'ן נאָמען אַנסעלם, ווייל איך האָב געוואָלט פאַרטרייבען פון מיין זכרון די צרות און יסורים, וואָס מיין ערשטער נאָמען האָט מיר פאַרשאַפט.

הַאַרפּאַגאָן

צו אַנסעלם'ען

דאָס איז סאַקי אייער זוהן?

אַנסעלם

יאָ.

הַאַרפּאַגאָן

אויב אַזוי מאָן איך פון אייך די צען טויזענט רענדלער, וואָס ער האָט ביי מיר גע'גנב'עט.

אַנסעלם

ער האָט ביי אייך גע'גנב'עט?!

הַאַרפּאַגאָן

יאָ, ער.

וואַלער

ווער האָט עס אייך געזאָגט?

הַאַרפּאַגאָן

זשאַק.

וואַלער

צו זשאַק'ן

דאָס האָסטו געזאָגט?

זשאַק

איך הערט דאָך, אַז איך זאָג גאָרנישט.

הַאַרפּאַגאָן

יאָ, יאָ, אָט האָט דער קאָמיסאַר פאַרשריבען זיין ערקלערונג.

וואַלער

צי דען האַלט איר, אַז איך בין פעיג צו טון אַזאַ זאַך?

הַאַרפּאַגאָן

פעיג צי נישט פעיג, איך וויל האָבען מיין געלט.

## זעקסטע סצענע

### האַרפּאַגאָן, אַנסעלם, עליזאַ, מאַריאַנע, קלעאַנט, וואַלער, פּראָזינע, דער קאָמיסאַר, זשאַק, לאַ-פּלעש.

קלעאַנט

האָב נישט קיין שברות-לב, טאַטע, און באַשולדיג קיינעם נישט. איך האָב עפּעס נייעס וועגען דיין ענין און איך בין דיר געקו-מען זאָגען, אַז אויב דו ביסט מסכים, איך זאָל חתונה האָבען מיט מאַריאַנע׳ן, וועסטו האָבען צוריק דיין געלט.

האַרפּאַגאָן

וואו איז עס, דאָס געלט?

קלעאַנט

האָב קיין מורא נישט. דאָס געלט איז אין אַ זיכער אָרט און אַלץ ווענדט זיך איצט אָן מיר. דו דאַרפסט מיר איצט זאָגען וואָס דו ווילסט בעסער. קלויב-אויס: אָדער גיב מיר מאַריאַנע׳ן, אָדער דו פאַרלירסט דיין געלט.

האַרפּאַגאָן

מען האָט גאָרנישט אַראָפּגענומען?

קלעאַנט

גאָרנישט. דאַרפסט נאָר זאָגען, צי דו געהסט איין אויף די דאָ-זיגע חתונה, צי דו ביסט דערצו מסכים, פּונקט ווי עס איז מסכים געווען איר מוטער, וועלכע גיט איר די פולע פרייהייט אויסצו-קלויבען צווישען אונז ביידען.

מאַריאַנע

[illegible]אַנט׳ן

אָבער איר ווייסט נאָך נישט, אַז דידאָזיגע הסכמה איז שוין וועניג. גאָט האָט מיר גלייכצייטיג צוגעשיקט אַ ברודער אָנווייזענדיג אויף וואַלער׳ן און אַ פאָטער אָנווייזענדיג אויף אַנסעלמ׳ען און פון דעם פאָטער הענגט עס איצט אָפּ אייך צו געבען מיין האַנט.

אַנסעלם

נישט אויף דעם, קינדערלעך, האָט מיך גאָט אומגעקערט צו

אייך, כדי איך זאָל מיך שטעלען אין וועג געגען אייערע פאַר-לאַנגען. הער האַרפּאַגאָן, איר פאַרשטעהט דאָך מסתמא גאַנץ גוט, אַז אַ יונגע פּערזאָן וועט בעסער אויסקלויבען דעם זוהן איידער דעם טאַטען. טאָ צו וואָס זאָלט איר צווינגען צו זאָגען אייך דאָס, וואָס ס'איז נישט אַנגענעם צו הערען? זייט בעסער מסכים, פּונקט ווי איך, אויף ביידע חתונות.

האַרפּאַגאָן

כדי איך זאָל קאָנען מיך מישב-זיין, דאַרף איך פריער זעהן מיין קאַסעטקע.

קלעאַנט

דו וועסט זי זעהן, טאַטע, אַ געזונטע און אַ פרישע.

האַרפּאַגאַן

איך האָב אָבער קיין געלט נישט צו געבען נדן מיינע קינדערלעך.

אַנסעלם

עס מאַכט נישט אויס. איך האָב גענוג פאַר זיי, זאָל דאָס אייך נישט קימערן.

האַרפּאַגאָן

וועט איר נעמען אויף זיך אַלע קאָסטען פון ביידע חתונות?

אַנסעלם

יאָ, יאָ, איך נעם אויף זיך. זענט איר צופרידען?

האַרפּאַגאָן

יאָ, אָבער בתנאי איר זאָלט מיר מאַכען אַ ראָק אויף חתונה.

אַנסלעם

אָנגענומען. איצט לאָמיר געהן געניסען די פרייד, וועלכע דער הייליגער, גליקליכער טאָג ברענגט אונז.

דער קאָמיסאַר

עי, עי, מיינע הערען, זייט אַזוי גוט, איך בעט אייך, און ווער וועט מיר באַצאָלען פאַר'ן שרייבען?

האַרפּאַגאָן

מיר דאַרפען שוין איצט אייערע שרייבערייען נישט האָבען.

דער קאָמיסאַר

יאָ, אָבער עס פאַלט מיר נישט איין צו אַרבעטען פאַר אייך אומזיסט.

**האַרפּאַגאָן**

*אַנווײַזענדיג אויף זשאַק'ן*

אַלס געצאָלט פאַר אייער אַרבעט גיב איך אייך אָט דעם מענ-
שען אויף אויפצוהענגען.

**זשאַק**

וואָס הייסט! אַז איך זאָג אמת, קריג איך מיט אַ שטעקען, און
אַז איך זאָג ליגען, וויל מען מיך אויפהענגען. טאָ וואָס זאָל
איך זאָגען?

**אַנסלעם**

הער האַרפּאַגאָן, מען דאַרף אים מוחל זיין, זיין שווינדעל.

**האַרפּאַגאָן**

וועט איר אָבער באַצאָלען דעם קאָמיסאַר?

**אַנסעלם**

זאָל זיין אַזוי, איצט לאָמיר שנעלער געהן אָנזאָגען די שמחה
דער מוטער.

**האַרפּאַגאָן**

און איך וועל געהן זיך זעהן מיט מיין ליבער קאַסעטקעלע.

פאָרהאַנג.

אויפגעפירט צום ערשטען מאָל דעם 16-טען אויגוסט 1921 אין
„צענטראַל-טעאַטער“ וואַרשע.

רעזשיסער: ז. טורקאָוו.

| | | |
|---|---|---|
| האַרפּאַגאָן | — | זיגמונט טורקאָוו. |
| קלעאַנט | — | קליין |
| עליזאַ | — | פר. אידאַ קאַמינסקאַ |
| לאַ־מערלוש | — | פיינשטיין |
| בראַנדעוואוּאַן | — | פישער |
| זשאַק | — | לאַנדאַו |
| פרוי קלאָד | — | פר. רייבער |
| לאַ־פלעש | — | לעדערמאַן |
| אַנסעלם | — | טהעמאַן |
| וואַלער | — | ראָזען |
| מאַריאַנע | — | פר. ראַפּפּעל-זאַנדבערג |
| סימאָן | — | סאַמבערג |
| פראָזינע | — | פר. באַרסקאַ פישער |
| קאָמיסאַר | — | קערמאַן |

